שמואל האַלקין

# לידער

## פון תפיסה און לאַגער



פאַרלאַג „ישׂראל־בוך"
הילפסטפאָנד פאַר יידיש־שאַפונג
תל־אביב, תשמ"ח — 1988

שמואל הלקין
שירים
מהתפיסה ומהמחסגר

SHMUEL HALKIN
POEMS
SONGS FROM PRISON AND CAMP

שמואל האַלקין
לידער
פון תפיסה און לאַגער

פאַרלאַג „ישראל-בוך", הילפסקאַנד פאַר יידיש-שאַפונג אין ישראל,
תל-אביב, רחוב איתמר בן-אבי 4.



Printed in Israel, 1988 ,נדפס בישראל

דפוס „אורלי" — פרידמן, תל-אביב, טלפון 372062

# מײַן אויטאָביאָגראַפיע

איינער אַ קלוגער מענטש האָט געזאָגט: „ווילסטו קענען דעם דיכטער, באַזוך זײַן געגנט”. מײַן געגנט האָט זיך אָבער נאָך די רעוואָלוציע־יאָרן אַזוי געענדערט צום שענערן און צום בעסערן — סײַ לויטן אויסזען און סײַ לויטן תּוך — ביז ניט צו דערקענען. דעריבער כּדי צו געבן כאָטש אַ וועלכן־עס־איז באַגריף, אין וואָס פֿאַר אַן אַרומרינגלונג איך בין דערצויגן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אַזאַ ווי איך בין, מיט מײַנע, וועלט־און־וועלטעלער, מיט גלײַכן וועג און אומוועגן מײַנע, וועל איך אין קורצן דערציילן דאָס, וואָס אַן אַנדערער, אויסער מיר, וואָלט דערציילן ניט געקאָנט.

געבוירן בין איך אין ווײַסרוסלאַנד, אין דער שטאָט ראָהאַטשאָוו, דעם 5טן דעצעמבער 1897.

איך האָב געהערט זאָגן, אַז דאָס נײַנטע קינד איז אַ מזלדיקס. לאָמיר אָננעמען, אַז ס'איז אַזוי. בפֿרט, אַז בײַ אונדז אין שטוב, — ניט זייער געראַמער, ניט רײַכער, ניט אייגענער שטוב — בין איך געווען דער נײַנטער, און מזל נומער איינס איז געווען, ווען ס'פֿלעגט אויספֿאַלן אַ טאָג און אין אונדזער הויכן, שמאָלן אַלמער זענען אויף דער פֿאָליצע געשטאַנען פֿאַרטרויט־אָנגעשפּאַרט איינער אין אַנדערן אַ גענוגנדיקע צאָל קײַלעכדיקע לאַבנס קאָרן־ברויט — פֿון אויבן פֿאַרברוינטע און פֿון אונטן באַמעליקטע. יענע געשמאַקע זעט ליגט מיר נאָך ביז הײַנט אין טעם.

ביז הײַנט געדענקט זיך מיר דער מאַמעס שמייכל, ווען זי פֿלעגט נאָכן וואַרמעס אַראָפּציִען פֿונעם אַלטן, גרויסן טיש דעם טישטעך און פֿאָרזיכטיק אויסטרייסלען פֿון אים אין ברייטן צעבער אַרײַן אַ הייפּעלע מעלשטויב — דאָס אַלץ וואָס דער גרויסער לאַבן קאָרן־ברויט האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט.

פֿאַרבײַגייענדיק, לאָמיר דערמאָנען אויך דעם טישטעך. פֿון ריינעם לײַן, אין אַ סך קעסטעלעך געוועבטן טישטעך, וואָס ערשט געבראַכט פֿונעם דאָרף, איז ער נאָך געווען גרוי און קניפּלדיק און גראָב, און פֿון לאַנגע יאָרן ניצן — געוואָרן בלייך און שטאָטיש־אויסגעאיידלט.

דאָס הייפּעלע מעל, וואָס די מאַמע פֿלעגט פֿון אים אַראָפּטרייסלען אינעם צעבער, האָט באַדאַרפֿט ווי צופֿוצן די ווייניק־נאַרהאַפֿטע שפּײַז פֿאַר דער בהמה. פֿאַר אַלע שטעטלדיקע יאָרן מײַנע געדענק איך אָבער נאָר איין קורצע צײַט, ווען בײַ אונדז איז געווען אַ בהמה — אַ רויטע, וואָס האָט זיך פֿאַרגינט גראָד מיר, דעם מזלדיקן, אַרויפֿנעמען אויף די הערנער און נאָר דערפֿאַר, וואָס איך בין געווען נײַגעריק צו טאָן אַ פּרוּוו, ווי האַרט איז איר האָרן: צי זײַנען אירע הערנער פּינקטלעך אויסגעקײַלעכט און צי איז אין זיי פֿאַראַן פֿון יענער היימישער וואַרעמקייט, מיט וועלכער איר דער אָטעמט.

מיטן קנאַפּן שטח צווישן אָט די צוויי גרויע הערנער וואָלט איך געקאָנט אויסמעסטן מײַן גאַנצע קינדערשע וואָכעדיקייט.

און מייַן יום־טוב ?

ווען מייַן טאַטע (אַ בראַקער אין וואַלד) — אַ מענטש מיט אַ סך ייִדיש וויסן, מיט אַ קלאָרן ניכטערן קאָפּ און מיט אַ ברייט טרוימעריש האַרץ, — ווען ער, דער טאַטע, פלעגט, זיצנדיק בייַם טיש אויבנאָן, אונדז אַלעמען — פֿינעף ברידער און פֿינעף שוועסטער, — מיטאַמאָל ווי אויפֿרופֿן מיט אַ שמייכל און פֿאַרציִען אַ ניגון מיט ווייניקע ווערטער, צי גאָר אָן ווערטער, אָדער מיט ווערטער ווייַסרוסישע, ווי למשל:

בודיעם ליקי דראַטי,
בודיעם לאַפּטי פּלעסטי...
בודיעם דיעטאַק האָדאָוואַטי...*

מיר, קינדער פֿון דער זייער ניט רייַכער שטוב, האָבן נאָך דעמלט זיכער ניט פֿאַרשטאַנען, נאָר בחוש האָבן מיר געפֿילט, אַז אין אָט דער פֿולער צונויפֿגעלעבטקייט פֿונעם ייִדישן ניגון מיט די ווייַסרוסישע ווערטער זאָגן זיך אַרויס די בידנע הערצער פֿון צוויי ווייַט ניט מזלדיקע פֿעלקער. וואָס טרויעריקער דער ניגון — אַלץ טיפֿער דער מיין; וואָס טיפֿער דער מיין — אַלץ פֿייַערלעכער, יומטובדיִקער דאָס געזאַנג. און אין אָט דער באַהעפֿטונג פֿון וואָך און יומטובדיקייט איז באַשטאַנען מייַן קינדעריש מזל נומער צוויי.

היות ווי קיין מאַיאָנטקעס, קיין פֿעלדער און וועלדער, וואָס זאָלן איבערגיין פֿון דור צו דור, האָבן אונדזערע אורזיידעס בירושה אונדז ניט איבערגעלאָזט, קיין באַזונדערע טיטלען און משפּחה־הערבן — אויך ניט, האָבן מיר און אונדזער גלייַכן ניט באַזונדערס אַכט געלייגט און ניט זיכער פֿאַרגעדענקט די העראַלדיק, דאָס מיינט דעם יחוס־בריוו אויף אַ סך דורות צוריק.

וואָס זשע האָבן מיר, קינדער פֿון אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, פֿאַרט געירשנט פֿון זיידעס און עלטערזיידעס? — אַ שיינעם ניגון, אַ גוטן נאָמען, אַ טיפֿזיניק מוסר־השׂכּלדיק שפּריכוואָרט, אַ וווּנדערלעכע געשיכטע, וואָס איז אין דער משפּחה איבערגעגאַנגען פֿון דור צו דור, פֿון מויל צו מויל.

— ווייניקלעך, — וועט עמעצער זאָגן.

— אַן אָרעמאַנסקע ירושה, — וועט אַ צווייטער אַ טראַכט טאָן.

ניין, ענטפֿער איך, — אַ רייַכע, אַ שיינע ירושה.

ביז הייַנט האָט זיך מיר פֿאַרגעדענקט אַ מעשׂה, געהערט פֿון מייַן טאַטן, וואָס איר טיפֿער נאָבעלער זין האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף מייַן לעבנס־אַרט בכלל און אויף מייַן שאַפֿן בפֿרט.

איינער פֿון מייַנע זיידעס — אַ תּושב פֿון אַ דאָרף אַרום מייַן געבורטשטאָט, אַז ס'איז געקומען די צייַט זיך שיידן מיט דער וועלט, האָט ער, ליגנדיק אין בעט אַ גרייַז־גרויער, אָנגעטאָן אין אַ ווייַסן לייַנען־העמד מיט אַ ברייטן אָפּגעלייגטן קאָלנער, ווי די מאָדע איז דעמלט געווען, זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַן עלנבויגן און אַ צייַט אַרויסגעקוקט אין דרויסן דורכן קליינעם פּירשוויביקן פֿענצטער. די עטלעכע האָרעפּאַשנע דאָרפֿישע ייִדן, וואָס זייַנען געקומען צו אים אָפּשייד נעמען, זייַנען געבליבן שטיין און זיך ניט דערוועגט עפּעס צו זאָגן אָדער פֿרעגן בייַ אים: אַ מענטש פֿאַרן טויט, אָנשטאָט צו מאַכן אַ חשבון־

* מיר וועלן ליקע רייסן, לאַפּטשעס פֿלעכטן, קינדער האָדעווען.

הנפש, פֿאַרגינט ער זיך קוקן רויִק אין דרויסן, גלײַך ווי ניט ער וואָלט זיך געגרייט אין לעצטן וועג אַרײַן.

— הערט איר, ייִדן, — האָט דער אַלטער אַ זאָג געטאָן שפּעטער, זוכנדיק פֿאַרן קאָפּ אַן אָרט אויפֿן קישן, — הערט איר, אַ שיינע, אַ גוטע, אַ נחתדיקע וועלט.

די דערבײַ שטייענדיקע זײַנען געבליבן ווי דערשטוינט.

— סטײַטש, אַז איר זאָלט אַזעלכס זאָגן! אונדזער זינדיקע וועלט איז דאָך נאָר אַן אַרײַנגאַנג אין דער אמתער וועלט, ווּ מלאכים...

— אמת, — האָט דער אַלטער געענטפֿערט, פֿונעם אינערלעכן ווידעראַנאַנד נאָך מער אָפּגעשוואַכט, — אמת, אָבער דאָ, אויף דער זינדיקער ערד, ווען איך טו עפּעס אויף רעכטס, ווען איך גיב, לאָמיר זאָגן, אַ נדבה אַן אָרעמאַן, ווערט פֿון מײַן גוטן ווילן געבוירן אַ מלאך, אָבער דאָרט, ווּ מלאכים זײַנען, וועל איך דאָך עס שוין ניט קאָנען אויפֿטאָן.

וואָס אמת, איז אמת — די דערציִונג אונדזערע איז געווען ווײַט ניט קיין בהדרגהדיקע. צו דרײַצן יאָר — זיך יוגנטלעך פֿאַרטיפֿט אין עטיש־פֿילאָסאָפֿישע פּראָבלעמען פֿון „ידיעה ובחירה” — פֿון געטלעכער פֿאָרויס־באַשטימטקייט און דעם מענטשנס פֿרײַען ווילן; פֿון צדיק, ורע לו — דאָס הייסט, פֿאַרוואָס איז דווקא דעם גערעכטיקן אויף דער וועלט שלעכט און דעם ניטגערעכטיקן גוט, און נאָך און נאָך אַזעלכע פֿאַר אַ קינד צו הויכע ענינים, פֿאַרנעפּלטע, וואָס האָבן מיט זיך פֿאַרשטעלט פֿון מיר אַזאַ פּשוטע זאַך, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון.

נאָר אויב איר ווילט וויסן, איז דער עיקר פֿון אַלע עיקרים אין אונדזער דערציִונג געווען: „לא המקרא אלא המעשׂה”: ניט דאָס ווילקענען, נאָר דאָס ווילטאָן. דאָס הייסט, די מידות, וואָס אַליין דער מענטש איז מחויב אַ גאַנץ לעבן זיי צו פֿאַרשענערן און צו פֿאַרבעסערן. יעדער מענטש איז אַן עולם־קטן — אַ קליין וועלטל, אָבער אַן ערב, וועלכער טראָגט אחריות פֿאַר דער גאַנצער גרויסער וועלט. ביידע זייערע גורלות זײַנען אַזוי אָפּהענגיק איינס פֿונעם אַנדערן, אַז דײַן מינדסטע געמיינהייט לאָזט איבער אַ פֿלעק אויפֿן אָנזיכט פֿון דער וועלט דער גרויסער.

און פֿון דער אַנדערער זײַט, האָט בײַ אונדז אין דער משפּחה געהערשט דער קולט פֿון לערנען, קענען, וויסן. פֿון דער סאַמע פֿריִער קינדהייט האָט מען אין אונדז אײַנגעפֿלאַנצט, אַז ווען עמעצער האָט דיך אויסגעלערנט ניט מער, אַפֿילו ווי איין אות, ביסטו שוין מחויב אים אכטן, אים אָפּגעבן כּבוד.

און ווײַל קיין מעגלעכקייטן צו צאָלן פֿאַר מיר שׂכר־לימוד איז ניט געווען (פֿאַרט דער נײַנטער), האָט אַ סך יאָרן נאָכאַנאַנד מיט מיר געלערנט אַן עלטערער ברודער — אַ גרויסער ווייסער און ליבהאָבער פֿון דער אַלטער־טימלעכער העברעיִשער פּאָעזיע און וועלכער האָט אין דער שטיל, ווייס איך, געשריבן שירים. ער האָט אַליין געלערנט זייער פֿלײַסיק, געווען אַ מתמיד, און אויך מיר ניט געלאָזט קיין פֿרײַע מינוט. ווינטער, פֿינעף אַזייגער פֿאַרטאָג — ער וועקט מיך שוין:

— שטיי אויף, ברודערקע, מע קאָן דאָך אַזוי פֿאַרשלאָפֿן די וועלט.
אַזוי אַ גאַנצן טאָג ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַרײַן.

— לאַז מיך אַרויסגיין אַ ווײַלע אין דרויסן, — פלעג איך זיך בײַ אים בעטן.

— אפשר קאָנסטו מיר זאָגן, וואָס ווועסטו דאָרטן טאָן?

—כ'ווייס, אַ ביסעלע מאַכן „הו־האַ".

— ווייסטו וואָס, זאָג אָפּ אָט דאָ אויפדערגיך „הו־האַ", און לאָמיר זיך ווידער זעצן לערנען.

איצט, פאַרשטייט זיך, בין איך אים זייער דאַנקבאַר: וואָס ווייניקער הו־האַ — אַלץ בעסער. אָבער דעמלט, צו דרײַצן יאָר, האָב איך דען געקענט טראַכטן דאַנקבאַר זײַן מײַן פּײַניקער און אָט דער ברודער מיינער האָט דאָך מיר אָפּגעגעבן אַזויפיל צײַט און געזונט! ער האָט מיך אפשר מער ליב געהאַט ווי זיך אַליין. אָפּט פלעג איך צוליב דעם לאָזן פילן מײַן שליטה איבער אים. און ער האָט דאָך באמת געוואָלט אין מיר וואָס מער פאַרפלאַנצן... אַלץ, וואָס ער האָט געוווּסט, — אַ שאַרף־לאַקאָניש וואָרט, אַ שיינער פּאָעטישער פאַרגלײַך, אַ טיפזיניקער מוסר־השׂכל, — אַלץ אַרײַנשטופּן אין מיר, זײַן ליבלינג. דאָס פלעגט ער אין אַ פריילינג־פאַרנאַכט מיר צוליב, און צוליב אייגענער הנאה אויך, מיך אַוועקפירן הינטער דער שטאָט, דאָרט, ווּ דער שאָסיי, וואָס פירט אין דער גרעסערער שטאָט באָברויסק, שנײַדט זיך דורך צווישן צוויי, ווי מיר האָט דעמלט געדאַכט, הויכע בערג. אויף איינעם — ער. אויפן צווייטן — איך. אַזוי פלעגן מיר ביידע זיצן און שטילערהייט באַוווּנדערן די זון, וואָס בײַם פאַרגיין שפּיגלט זי זיך אינעם פריילינג־צעגאָסענעם דרוּטש; דאָס האָט ער, דער ערשטער, אָנגערופן פאַר מיר בײַם נאָמען אַ סך שיינקייטן פון דער נאַטור, וואָס געשטאַנען זײַנען זיי פאַר מײַנע ייִנגלשע אויגן און איך האָב ניט געוווּסט, אויף וועלכער שפּראַך מען ווענדט זיך צו זיי.

קיין לידער האָב איך נאָך דעמלט ניט געשריבן. אָנגעהויבן האָב איך פון אַ דראַמע וועגן די פּליטים בעת דער מלחמה 1914. איך געדענק, אַז מײַן ניט־אויסגעטראַכטע העלדין האָט געהייסן „ציליע די בעזשענקע"; אַז מײַן עלטערער ברודער, דער רבי מײַנער, איז אין איר געווען שטאַרק פאַרליבט און אַז מיר איז זי אויך געווען געפעלן. איצט בין איך זיך מודה, אַז דאָס האָט ניט ווייניק געשאַדט מײַן ברודערס דערפאָלג, די דאָזיקע „אינטריגע" איז געלייגט געוואָרן אין גרונט פון מײַן ערשטער „דראַמע", וועלכע מײַן ברודער און לערער האָט מיט אַ געקלעמט האַרץ געמוזט באַגיטיקן.

געטרוימט האָב איך אָבער צו ווערן אַ מאָלער.

ווען און פון וואַנען אָט דער טרוים האָט זיך צו מיר גענומען, וועלכע וואָרצלען האָבן אים גענערט, איז שווער צו זאָגן. נאָר מײַן זכּרון האָט פאַרהיט אַזאַ מין פאַל:

געקומען איז צו אונדז צו גאַסט פון דער שטאָט באָברויסק מײַן טאַטנס ייִנגסטער ברודער — הלל — אַ מענטש אויסערלעך זייער אַ שיינער און דערצו שטאַרק אַ געראָטענער, מיט אַ שאַרפן דערפינדערישן קאָפּ. דער טאַטע האָט זיך פאַר אים באַקלאָגט (און אפשר זיך אויסבאַרימט), אַז איך, אַ בחורל פון גאַנצע אַכט יאָר, אָנשטאָט צו לערנען, פטר איך גאָר צײַט אויף „מאָלן מענטשעלעך", אַז ס'איז בײַ מיר אַ מין חלום — ווּ איך שטיי און גיי מאָל איך. דער פעטער איז געשטאַנען און צופרידן געשמייכלט אין דער שוואַרצער, שיינער באָרד אַרײַן.

— אַנו קאָרשט, קום אַהער, — רופט ער זיך אָפּ צו מיר, — נעם אַ פּאַפּיר

מיט אַ בלײַער און מאָל מיר אויס אַ פּשוטן, אַ געדרוקטן אלף. זע אָבער, ער זאָל שטיין פעסט, ער זאָל זיך ניט וואַקלען.

וואָס ער האָט געמיינט דערמיט, האָב איך דעמלט ניט אינגאַנצן פאַרשטאַנען. אין קאָפּ האָט מיר אַ שווינדל געטאָן מײַן גאַנצע קינדערשע „דערפאַרונג" — די קרומע שטעטלדיקע שטיבלעך, די זיך וואַקלענדיקע פּלויטן. אַפילו מײַן אייגענער שאָטן, וואָס איינמאָל, ווען איך האָב אים געפּרוּווט אויסמאָלן מיט אַ שטעקן אויפן זאַמד און מיר האָט זיך ניט אײַנגעגעבן, האָב איך, אַנשטאָט שלאָגן זיך אַליין איבער די הענט, געשלאָגן אים, מײַן ניט־אײַנגעגעבענעם אויטאָפּאָרטרעט.

דעם עקזאַמען האָב איך אויסגעהאַלטן. אַלע אַרום זײַנען געבליבן צופרידן וואָס מײַן אויסגעמאָלטער אלף וואַקלט זיך ניט און איך — מיט אַ סך צענדליקער יאָרן שפּעטער, שרײַבנדיק די דאָזיקע אויטאָביאָגראַפיע, טראַכט, אַז דעמלט, פאָלגנדיק יענעם ערשטן אות, האָב איך שוין פאַרראַטן מײַן מאָלערײַ, און אַז פון יענעם אלף הייבט זיך גאָר אָן מײַן ליטעראַרישע ביאָגראַפיע.

קיין מוזייען און בילדער־גאַלערייעס זײַנען אין מײַן געבורטשטאָט, פאַרשטייט זיך, ניט געווען. די איינציקע מוסטערן פון קונסט זײַנען געווען די שילדן. איינס אַזאַ האָב איך פאַרגעדענקט ביז הײַנט. אַן אָפּגעבלאַקעווטער, ערטערווײַז פאַרזשאַווערטער באַוואָנצלטער יונגערמאַן שטייט יאָרנלאַנג מיט אַן אַראָפּגענומענעם הוט און מיט אַן עלעגאַנט־פאַרנייגטן קאָפּ פאַר זײַן אויסגעמאָלטער דאַמע, וואָס איז געווען אויסגעפּוצט אין אַ ברייטער באַפּעדערטער הוט און אין אַ גרויסער נאָרקע־שאַל, וואָס נעמט אַרום אירע פּלייצעס און מיט די נעגלדיקע לאַפּקעלעך קלאַמערט זי זיך אין איר צו הויכן בוזעם. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר פאַרבײַגייענדיק די דאָזיקע לאָדנס־שילדן, פלעג איך, צו יענער צײַט אַ הויכער שטאַלטנער יונג מיט פעסטע אַקסלען און מיט אַ הויפן פינגער, וואָס כאַפּן שטײַף אַרום דאָס קײַלעכדיקע הענטל פון אַ צווייפוּדיק געוויכט אויף צו לאָזן עס לײַכט פאַרבײַפליִען דעם קאָפּ און העכער — איך, צו זעכצן יאָר, אַ לערער אין דאָרף און ביז משוגעת, ביז דער העכסטער אַנטציקונג אין הימל און ערד אַ פאַרליבטער, — איך פלעג אַמאָל בלײַבן שטיין ווי געפּלעפט פון אָט דער אָפּגעבליאַקעווטקייט און פון דער אומפאַרענ־דערלעכקייט, וועלכע האָט פאַר מיר ווי סימבאָליזירט די פאַרגליווערטקייט און רוטינע פונעם שטעטל.

איך זאָג פונעם שטעטל אינגאַנצן גענומען, אויסטײַלנדיק דערבײַ יענע אונטערערדיש־יווירנדיקע קראַפט פונעם באַוווּסטזיניקן טייל בעל־מלאכות — ייִדישע און ניט־ייִדישע, וועלכע האָבן נאָך פאַרהיט די טראַדיציעס פון 1905 און וואָס האָבן אין זייערע האַלב־חרובע שטיבלעך געהאַלטן אין איין פּרוכפּערן זיך און מערן, גלײַך ווי זיי וואָלטן געפילט, אַז די קומענדיקע רעוואָלוציע וועט פאָדערן פון זיי ברייטע פּלייצעס און טרײַע הערצער אויף זי צו פאַרטיידיקן.

אַ גרויסע צערודערונג אין שטעטל האָט אַרײַנגעבראַכט די מלחמה פון 1914. איר פײַער האָט געברענט ערגעץ העט־ווײַ, און איר שאָטן האָט זיך אויסגעשפּרייט אויך אויף מײַן געבורטשטאָט.

אַ שווערע, אַ גרויזאַמע קייט פון צענדליקער טויזנטער פּויערשע פורן מיט

הויכע לײַוונטענע בוידן, אַנגעשטאָפּט דער עיקר מיט קינדער, פרויען און אַלטע לײַט, האָט זיך געצויגן פאַרבײַ אונדזער שטוב. בײַטאָג און בײַנאַכט האָט אָט דער שרעקלעכער שטראָם פון ווײַסע בוידן זיך ניט אָפּגעשטעלט: אויף די צעפּאָרענע רעדער און לאַנג ניט געשמירטע אַקסן זיך געוויגט אַלץ פאָרויס און פאָרויס. וווּהין — פרעגט ניט. פון וואַנען? פון די פּוילישע גרענעץ-גובערניעס — פון סאַמע פײַער. אָפט פלעגט אַזאַ הויכבוידיקע פור פלוצעם אַרויס פון דער ריי, זיך אָפּקערן אין פעלד, אויף איבער צו לאָזן דאָרט אַ פריש בערגל ערד און איבער דעם — אַ צייכן פון צוויי איבערגעקרייצטע בעריאָזע-דרענגלעך. די שפּעטער אָנקומענדיקע פורן פלעגן שוין וויסן, וואָס זיי האָבן צו טאָן: אויף אַ ווײַלע איבעררײַסן די קייט, אויף ווידער אײַנצושליסן אין זיך דעם אַרויסגעפאַלענעם רינג.

אויב אָט דער מענטשלעכער טרויער-צוג האָט ניט געוווּסט וווּהין ער פאָרט, האָב איך אָבער געפילט, אַז ער פאָרט מיר גלײַך אין האַרצן און אין מוח אַרײַן, ווי שוין די ערשטע פור וואָלט מיטן דישעל מיר געגעבן אַ זעץ אין דער ברוסט און געעפנט דאָרט דעם טויער און דורכגעלייגט אַ וועג פאַר גרויסע מענטשלעכע לײַדן, פאַרן אומגליק פון אַ פאָלק.

און דאָ האָט זיך געענדיקט מײַן יינגלשקייט. איך האָב שוין מער ניט געקאָנט זיך פאַרגינען דעם וועג פון דאָרף אין שטעטל דורכצומאַכן, — ווי פריִער זאָרגלאָז לויפנדיק צופאַלן מיטן פּנים צו דער ערד, זינגענדיק דערבײַ אַ לויב דעם הימל. ניין, די ערד, וואָס האָט איבער איר רוקן דורכגעלאָזט אַזאַ פאָלקס-אומגליק, האָט בײַ מיר אין די אויגן באַקומען אַ נײַעם, גאָר אַן אַנדערן באַטײַט. און דער הימל — אויך.

ווי שוין לאַנג פריִער, נאָר איצטער מיט אַ סך אַ גרעסערער קראַפט, האָבן אין מיר זיך גענומען ראַנגלען צוויי כּוחות. איין כּוח האָט געשטויסן: אײַל זיך צו דאָס גזעענע און דורכגעלעבטע אויסצומאָלן. ווי דו קענסט, נאָר מאָל. מאָל אויס די ראָד אַזוי, מע זאָל פונעם שטומען פּאַפּיר דערהערן איר סקריפּ. און דער צווייטער כּוח האָט מיר אונטערגעזאָגט: אײַל זיך צו און פאַרשרײַב, זינג אויס דײַן לויב דעם מענטשן, וואָס לײַדט אַזוי שווער צווישן דײַן הימל און דײַן ערד. אַמאָל פלעג איך זיך אונטערגעבן איינעם אַמאָל — אַ צווייטן כּוח. נאָר וועמען פון זיי אָפּגעבן די בכורה האָב איך ניט געוווּסט.

„גאַנצע צען יאָר לעבן גיב איך אָפּ פאַר אָנקוקן אַ לעבעדיקן פּאָעט“, — אַזוי האָב איך זיך געזאָגט אין דער יוגנט, און דעמלט בין איך געווען זיכער, אַז איך וואָלט געהאַלטן וואָרט. נאָך ביז הײַנט — נאָך צענדליקער יאָרן זײַן מיט זיי נאָענט באַקאַנט, און מיט אייניקע ברידערלעך באַפרײַנדט — קוק איך נאָך אַלץ אַמאָל מיט פאַרוווּנדערונג און מיט יראת-הכּבוד אויף אַן אמתן פּאָעט. איך קוק אויף אים און טראַכט: וויאַזוי? פונוואַנען נעמט זיך עס בײַ אים?

מיט גאַנצע יאָרצענדליקער, ווי אין דער יוגנט, וואָלט איך אפשר איצטער זיך ניט געוואָרפן, אָבער ניט, חלילה, ווײַל פּאָעטן זײַנען בײַ מיר געוואָרן ביליקער, נאָר די יאָרן זײַנען געוואָרן טײַערער.

פרעגט זיך אָבער: פאַרוואָס גאַנצע צען יאָר לעבן פאַר אָנקוקן אַ פּאָעט דעמלט, ווען מײַן טרוים איז געווען צו ווערן אַ מאָלער? אפשר דערפאַר,

ווײַל גרויסע פּאָעטן האָב איך שוין צו יענער צײַט געלייענט אַ סך. און געהאַט וועגן זיי מײַן אייגענע באַגײַסטערטע פאָרשטעלונג. איך האָב גוט געקענט די שאַפונגען פון די נביאים, פון די וווּנדערלעכע מיטלאַלטערלעכע ייִדישע פּאָעטן פונעם שפּאַנישן פּעריאָד און אויך פון אַ סך שפּעטערדיקע: איך האָב געוווּסט, כאָטש ניט זייער גוט, פּושקינען און לערמאָנטאָוון, נעקראַסאָוון און קאָלצאָוון און אַנדערע רוסישע פּאָעטן, מיט וועלכע מיך האָט באַקאַנט געמאַכט מײַן פּריוואַטער לערער — פּונקט אַזאַ אויטאָדידאַקט, ווי איך, נאָר שוין מיט אַן אַטעסטאַט אין בוזעם-קעשענע פון זײַן קורץ, שוואַרץ „דעמאָקראַטיש" רעקל.

און פון גרויסע מאָלער האָב איך אַפילו ווייניק נעמען געוווּסט.

דער לערער פון רעאַל-שול — אַ טאַלאַנטפולער מאָלער און אַ גוטהאַרציקער רוסישער מענטש, וועלכער האָט מיך געלערנט מאָלערײַ פון מצווה-וועגן, צוליב אַ פּראָטעקציע פון מײַן עלטערער שוועסטער, וועלכע פלעגט אים נייען פּײַנע, ברייטע און לופטיקע זומער-העמדלעך, — ער, פאַרשטייט זיך, גייט אין חשבון ניט אַרײַן, כאָטש דעמלט האָבן מיך זײַנע אַקוואַרעלן, און דערהויפּט פּאַסטעלן, ממש באַצויבערט, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַזאַ מײַסטערשאַפט איז אומדערגרייכבאַר. שפּעטער מיט אַ צײַט פלעגט ער מיך שוין אַליין אײַנלאַדן גיין מיט אים אויסער דער שטאָט „אויף עטיודן". דאָס האָט ער פאַרפלאַנצט אין מיר דעם גלויבן, דאָס האָט ער מיך פאַרזיכערט, אַז מאָלערײַ איז מײַן באַרוף. און באַלד נאָך דער פעברואַר-רעוואָלוציע האָבן מיר שוין קיין צוימען ניט געקאָנט אײַנהאַלטן.

אויסגעמאָלט עטלעכע שילדן פאַר שוסטער, שנײַדער און אַ דעקאָראַציע פאַר אונדזער שטעטלדיקן פאָטאָגראַף, פאַרדינט אַ פּאָר „קערענקעס" און מיט דעם קאַפּיטאַל זיך געלאָזט אין דער גרויסער וועלט אַרײַן.

דער גורל פון מײַן געבורטשטאָט האָט מיך ניט באַאומרויִקט. איך האָב געפילט, איך לאָז זי איבער אין ראַיעלע הענט. גלײַך נאָך דער פעברואַר-רעוואָלוציע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין אונדזער שטאָט האָט עקזיסטירט אַ גוט-אָרגאַניזירטע באָלשעוויסטישע גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַרבעטער, וועלכע איך האָב ניט געקענט, און פון סטודענטישער יוגנט, וועלכע איך האָב געקענט נאָר פונדערווײַטנס.

אין שטעטל האָט גערעשט: ס'האָבן זיך געעפנט קלובן, פאָלקס-הײַזער, ס'האָבן זיך אָרגאַניזירט פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן, און וועלכע די באָלשעוויסטישע גרופּע, איצטער שוין אַ היפּש-צעוואַקסענע, האָט געהאַט אַ פעסטע דעה צו זאָגן; שאַרף אָנגעצייכנט האָבן זיך די צווישן-באַציִונגען פון באַזונדערע שיכטן באַפעלקערונג, און פאַר מיר פערזענלעך האָבן זיך שוין דעמלט געהאַט אויסגעקלאָרט מײַנע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. אַ סך זאַכן און באַגריפן האָבן פאַר מיר באַקומען זייער קאָנקרעטן באַטײַט און נאָמען.

די גראָבע, שוואַרצע קייט פונעם דאַמפער רוקט זיך איבער לאַנגזאַם און שווער, און דאָס רוישן פונעם וואַסער פאַרטויבט ביסלעכווײַז דעם רעש פונעם שטעטל. מיטן געדאַנק בין איך שוין געווען נעענטער צו דער גרויסער אומבאַוווּסטער שטאָט קיִעוו, ווו קיינער וואַרט אויף מיר ניט און קיינעם האָב איך ניט, אַחוץ אַ ווײַטן קרוב, וועמענס אַדרעס איז געלעגן אין מיטלסטן טייל פון מײַן זייער מאָגערן געלט-בײַטעלע.

דערפאַר איז אָבער דאָס האַרץ געווען פול מיט שרעק און האָפענונג.

שעווטשענקאָ טאַראַס — איך בין אין דער פרעמד דאָ,
און דו ביסט אַ היגער — באַשיץ און באַהיט.
געקומען אין כּרך אין אַ ציצענעם העמדל
אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט ייִנגלשע טריט.

אויף די הויפּט־גאַסן פון דער שטאָט קיִעוו, כּמעט פון אַלע פענצטער, האָט אויף מיר געקוקט אַ פּאָרטרעט פון אַ מיטליאָריקן פעסטגעבויטן מענטש אין אַ פּויערשן פּעלץ און אין אַ הויכער פוטערנער פּאַפּאַכע: די לאַנגע האַלב־רונדיקע וואָנצעס געבויגן אַראָפּצו, און די אויגן אי מילדע, אי שרעקלאָזע — האָבן געקוקט גלײַך אין האַרצן אַרײַן.

ווער איז ער? פאַרוואָס — אין אַלע שויבן? פאַרוואָס האָב איך זײַן פּאָרטרעט קיינמאָל ניט באַגעגנט אין מײַן געבורט־שטאָט, וועלכע שטייט אויפן ברעג פון דעם זעלבן טײַך דניעפּער.

מיט אַ קורצער צײַט שפּעטער האָט מיך איינער פון זײַנע פאַרערער באַקאַנט געמאַכט מיט זײַנע דערשיטערנדיקע לידער און מיט זײַן שווערן לעבנס־גורל. אַגב, איינציקע לידער פון זייער שווערן געמיט האָב איך געהערט נאָך אין דער היים. איך האָב אָבער ניט געוווּסט, אַז דער ערשטער, וואָס האָט זיי אויסגעזונגען, דאָס הייסט געשאַפן זיי, איז אָט דער מענטש אין גרויסן ווינטערדיקן פּעלץ און אַ הויכער פּאַפּאַכע, וואָס איז איינצײַטיק געווען אי אַ דיכטער אי אַ מאָלער.

הייסט עס, ס'איז מעגלעך. און ווידער האָט אַ געדאַנק געגומען בויערן אין מוח: וויאַזוי מאַכט מען שלום צווישן ביידע קעגנזעצלעכע כּוחות: ריכטיקער: ווי נעמט מען כּוחות זיי ביידע צו פאַראייניקן אָדער בײַקומען זייער ווידעראַנאַנד. און איך האָב געמאַכט אַ פּרוּוו: זיך לערנענדיק אין מאָלער־שול, געשריבן לידער. פאַר מײַנע אויגן איז אָבער געשטאַנען דער מענטש אין דער הויכער פּאַפּאַכע איבער דעם קײַלעכדיקן שטערן; אין די אויערן האָבן מיר געקלונגען זײַנע לידער, פול מיט ערנסט, זאָרג און אחריות פאַר דעם גורל פון זײַן פאָלק און ניט באַפרײַטן היימלאַנד, און איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז ווי איך זאָל זיך ניט בריהן, וועט פון מײַן טאַנצן אויף צוויי חתונות גאָרניט אַרויס. מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט נאָכמאַכן אים, שרײַבן לידער, אינעם נוסח פונעם פאָלקס־ליד, פאַרשטייט זיך, אין ייִדיש, און ס'איז מיר ניט געלונגען.

אַ באַזיגטער אויפן פראָנט פון דיכטונג, האָב איך מיט לײַב־און־לעבן זיך איבערגעגעבן דעם, צוליב וואָס איך בין, אייגנטלעך, אַהער געקומען. אויף דעם געביט, האָב איך געטראַכט, אויב איך קאָן זיך ניט פאַרמעסטן מיט קיין גרויסע, איז כאָטש דאָ דער תירוץ: איך בין דאָך ניט מער ווי אַ שילער. די פאָדערונגען זענען דערווײַל אַ סך קלענערע — מער פּרטימדיקע: אַ דרײַסטער שטריך, אַ פּינקטלעכע צייכענונג, ליכט און שאָטן אויפן אָרט (דאָס זעלבע, וואָס איך פלעג שפּעטער פאָדערן בײַ מײַנע שילער), — און דו, און אַלע אַרום דיר, זײַנען צופרידן. אָבער דאָרט — אינעם „קיניגרײַך פון פּאָעזיע"...

אָט דאָס „קיניגרײַך פון פּאָעזיע" האָט מיך צורו ניט געלאָזט. פאַרבלײַבן אין קיִעוו און ניט לערנען האָב איך ניט געקאָנט. איך האָב

באַשטימט אַוועקפּאָרן. מאַטעריעלע און שטייגער־אַנגעלעגנהייטן האָבן אונטער־געפירט אַ גרונט, אַ באַזע אונטער מײַן באַשלוס און, ניט פאַרענדיקט דעם קורס פון מאָלעריַי־שול, בין איך אָפּגעפאָרן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, היַינט — דניעפּראָפּעטראָווסק.

און דאָ פלעג איך שוין ניט דעם שאָטן מײַנעם, נאָר טאַקע ממש זיך אַליין פּאַטשן איבער די הענט, איך זאָל ניט מאָלן: אויב פּאָעזיע, איז פּאָעזיע! מאָלן פלעג איך נאָר פאָרטרעטלעך פון פאַרבײַגייער אויפן בולוואַר. דער תּירוץ: פאַרדינען אויף ברויט.

שוין דרײַ טעג ליגט מײַן העפטל לידער בײַ איינעם אַ ייִדישן ניט יונגן ליטעראַט, און דאָס האַרץ גייט מיר אויס צו וויסן זײַן מיינונג. אויפן פערטן טאָג איז געקומען דער „אורטייל": — אַז איר זײַט אַ דיכטער, יונגערמאַן, זעט מען פון יעדער ליד, די מאָטיוון זענען אָבער ווי פאַרעלטערט.

— איר זאָגט, פאַרעלטערטע מאָטיוון? און וואָס הייסט נײַע?

— איר וועט ברעכן דעם קאָפּ, וועט איר וויסן.

— זאָל איך אפשר אינגאַנצן ניט שרײַבן? מײַן פאַך איז מאָלערײַ.

— וועט איר וועלן, וועט איר שרײַבן, און טאָמער ניט... פונדעסטוועגן, אויב איר וועט האָבן עפּעס נײַס, ברענגט.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָב איך אים געבראַכט עטלעכע לידער. איינע אַן אַבטשורהדיקע.

אויבערגעלייענט, טוט ער אַ זאָג צו אַ װוּנדער־שיינעם יונגנמאַן, וועלכער איז געשטאַנען אין אַ ווינקל און געבלעטערט אַ בוך: „מאַרקיש, קומט לאָמיר גיין צו לאַקשינען אין דרוקערײַ. איך בין גרייט אַליין דרייען די ראָד, די לידער גיכער אָפּצודרוקן".

וועגן מײַנע באַגעגענישן — דעמלטיקע און שפּעטערדיקע — מיטן גרויסן דיכטער פּרץ מאַרקיש האָף איך נאָך אָנשרײַבן אַ באַזונדער קאַפּיטל. וואָס מײַן ערשטער קריטיקער האָט אײַנגעפונען אין דער דאָזיקער קליינער ליד, איז מיר שווער געווען צו זאָגן. נאָר איצט, אין פערציק יאָר אַרום, דוכט מיר, אַז אין יענע אַבט שורות איז שוין געווען אָנגעמערקט איינע פון די גרונטשטריכן פון מײַן דיכטונג, וועלכע האָט זיך דערנאָך אַנטוויקלט, פאַרטיפערט און אויסגעברייטערט: דער ווייטיקפולער איבערגאַנג פון יום־טוב צו וואָכעדיקייט און דער דראַנג די וואָכעדיקייט דערהייבן צו יום־טוב.

צוליבן כאַראַקטער פון אַ קורצער אויטאָביִאָגראַפיע היפּער איך איבער אַ סך זייער וויכטיקע סאָציִאַל־פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פּאַסירונגען אין דער אוקראַינע און ווײַט אויסער איר, וועלכע האָבן געווירקט אויף מײַן גאַנצן וועלט־באַנעם, אויף מײַן אַנטוויקלונג און שאַפונג.

דאָ, אויף דער אוקראַיִנישער ערד, האָב איך מיט אַן אָפן האַרץ באַגעגנט די אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס ווען ניט זי, וואָלט איך און מיליאָנען אַזעלכע ווי איך ניט געווען דאָס, וואָס מיר זײַנען. קיין איין מענטש, ווער עס זאָל ניט זײַן, איז אָבער ניט בכּוח אַרײַנצופּאַסן אַזאַ וועלט־היסטאָרישע געשעעניש ניט נאָר אין געציילטע בלעטלעך — דערויף וואָלט געווען קאַרג אַ מענטשלעך לעבן. דעריבער שטעל איך זיך אָפּ נאָר אויף אַזוינס, וואָס מערקט אַן ערך אָן מײַן שאַפונגס־וועג.

אין יאָר 1922 בין איך געקומען קיין מאָסקווע און מײַן גאַנץ אייגנס איז געווען אַ קליינע זאַמלונג לידער, וועלכע האָט גוט אויסגענומען בײַ די סאָוועטישע שרײַבער — מאָסקווער „תּושבֿים" — די וועלכע זענען געקומען אַהער מיט צוויי אָדער מיט איין יאָר פריִער פאַר מיר: דוד האָפשטיין, אהרן קושנירעָוו, דאָברושין, גאָדינער, גורשטיין, ראָסין און נאָך אייניקע. לויט דער רעקאָמענדאַציע און איניציאַטיוו פון דעם דעמלט שוין באַוווּסטן דיכטער דוד האָפשטיין איז די דאָזיקע זאַמלונג דערשינען. און ווייסט איר ווו? דווקא אין קיִעוו.

נאָר אויב פאַר אים, פאַר האָפשטיינען, איז זײַן ערשט בוך „בײַ וועגן" (ווי פאַר לייב קוויטקאָ זײַן בוך „טריט" און פאַר פרץ מאַרקישן „שוועלן") געווען די גרויסע זיכערע שיף, וואָס האָט דורכגעשניטן אַ נײַעם וועג פאַר דער דעמלט נאָך יונגער סאָוועטישער ייִדישער פּאָעזיע, וואָלט איך מײַן ערשטע זאַמלונג „לידער" פאַרגליכן מיט אַ קליין שיפל, אין וועלכן מען האָט מיך אָפּגעפירט פון ברעג אינמיטן ים און געזאָגט: אָט דאָ שפּרינג אַרויס און שווים...

נאָר אָט זענען שוין דורך פערציק יאָר, און ביז הײַנט־צו־טאָג שטיי איך נאָך אַלץ פאַר יעדער נײַער ליד, ווי פאַר אַ תּהום: איך וועל אָנקומען אויפן צווייטן ברעג, אָדער ניט. און איך בין זיכער, אַז אויב איך לעב און בין נאָך בכּוח צו שרײַבן די דאָזיקע שורות, איז נאָר אַדאַנק דער טאָגטעגלעכער פרייד, וואָס מיר פלעגט פאַרשאַפן דאָס דורכגיין בשלום פון שורה צו שורה, פון ליד צו ליד.

דער גרעסטער אָריגינעלסטער דיכטער הייבט ניט אָן פון זיך אַליין. אין דער אָדער יענער מאָס הויערט אויף אים די ירושה פון די פריִערדיקע דורות שעפער. שוין אָפּגערעדט פון אַזאַ אָנפאַנגער, ווי איך בין דעמלט געווען. איצט וואָלט איך אַליין גיכער, ווי אַן אַנדערער, געקאָנט אָנווײַזן אויף אייניקע ליטעראַרישע שפּורן בײַ מיר, וועלכע זענען צום גליק געווען פאַר מיר מזלבֿרכהדיק.

אַזעלכע אויפווירקער וואָלט איך אָנגערופן עטלעכע, וועלכע האָבן געלעבט אין פאַרשיידענע לענדער און פאַרשיידענע צײַטן: פּושקין און געטע, טיוטשעוו און באַראַטינסקי, אבן גבירול פון שפּאַניע און די אַלטע כינעזישע ליריקער; טאַגאָר און יהודה הלוי; אָמאַר כאַיאַם און מאַיאַקאָווסקי.

הײַנט גיי פּרוּוו אָפּשאַצן די ווירקונג פון מענטשן פון דײַן דור, פון עלטערע שרײַבער, געזעלשאַפטלעכע און פּאַרטיי־טוער, מיט וועלכע דו ביסט יאָרן־לאַנג געווען באַפרײַנדט. אַכטנדיק זיי פערזענלעך, זיך פּאַרטיפנדיק אין זייער שאַפן, האָסטו מיט זיי מיטגעלעבט, און דער „מיט זיי" הייסט דאָך מיט דער גאַנצער סאָוועטישער ווירקלעכקייט.

און אַז איך האַלט שוין בײַ אויפווירקונגען פון אָט דעם מין, מוז איך ברענגען עטלעכע ווערטער, וואָס האָבן זיך מיר פאַרגעדענקט אויפן גאַנצן לעבן.

נאָך אין שטעטל זײַענדיק, האָט מיר איינער אַן עלטערער מענטש אַזוי געזאָגט: אַמאָל איז געווען אַ שרײַבער, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן געשריבן און אַפילו געדרוקט ביכער, נאָר שטענדיק האָט ער געהערט פון פרײַנד און אומפרײַנד: אַלץ גוט, אַלץ גלאַט, נאָר גאָרניט אייגנס. און ערשט צום סוף

פון זײַן לעבן האָט ער אין איינער אַ דערציילונג אָנגעשריבן: „געגאַנגען דער לאָקאָמאָטיוו און נאָך אים האָבן זיך געצויגן געהאָרכזאַמע וואַגאָנעס".

— זעסטו, — האָבן אים פרײַנד געטרייסט, — אָט דער עפּיטעט „געהאָרכזאַמע וואַגאָנעס" איז דײַנער, דײַן אייגנס — פּאָרט ניט אומזיסט אָפּגעלעבט אַ לעבן אויף דער וועלט.

פון דעמלט אָן און ביז הײַנט, אַלע מײַנע יאָרן, שרײַבנדיק אַ ליד אָדער עפּעס אַנדערש, אַפילו איצט, שרײַבנדיק די דאָזיקע שורות, טראַכט איך: וווּ איז דאָ מײַנס, אייגנס? וווּ זײַנען מיינע „געהאָרכזאַמע וואַגאָנעס".

רעדן געניי וועגן אַלע מײַנע ביכער וואָלט פאַרנומען צו פיל אָרט. איינס אָבער איז קלאָר, אַז ס'זײַנען דאָ ביכער — עטאַפּן: „וויי און מוט" — איין עטאַפּ; „פאַרן נײַעם פונדאַמענט" — אַ צווייטער: „קאָנטאַקט" — אַ דריטער; „ערדישע וועגן" — אַ פערטער; „דער בוים פון לעבן" — אַ פינפטער. נאָר עטאַפּן בײַ אַ דיכטער זײַנען דען אַזוי שטרענג אָפּגעגרענעצט? אָפט פלעגט אַ שטאַרקע כוואַליע אַריבערפליִיצן פון איין עטאַפּ אין צווייטן. דעריבער זײַנען אין יעדן בוך פאַראַן עלעמענטן פון אַלע עטאַפּן, כאָטש יעדער בוך האָט זײַן אייגענעם גרונט־מאָטיוו.

אויב אין „וויי און מוט", למשל, איז דער גרונט־מאָטיוו געווען ווייגעבורט פונעם סאָציאַליסטישן הײַנט, זײַן אַרויסוואַקסן פונעם נעכטן און זײַן אום־רחמנותדיק־מוטיקער נצחון איבער אים, און איך אַליין האָב נאָך אינעם בוך געבלאָנדזשעט צווישן וויי און מוט, בין איך שוין אין צווייטן בוך מיט לײַב און לעבן געווען בײַם נײַעם סאָציאַליסטישן פונדאַמענט.

אַ סך יאָרן האָב איך אָפּגעגעבן דער דראַמאַטורגיע.

אַזוי ווי בײַם שרײַבן באַזונדערע לידער, אַזוי אויך אין דער דראַמאַטורגיע, האָב איך שטענדיק געדענקט דרײַ כּללים: ערשטנס, וואָס הייסט נײַס? — ברעך דעם קאָפּ, ווערסטו וויסן. צווייטנס, אַז אַ דראַמאַטיש ווערק ווערט געשאַפן ניט נאָר פאַר דער בינע, אַז ס'מוז פאַרמאָגן אייגענע אריכות־ימים, דאָס הייסט זײַן אויסגערעכנט אויף אַ גרויסן ליטעראַרישן קיום. און דריטנס, אַז אין אַ ווערק, אַפילו אין אַזעלכס, וואָס טראַקטירט פּראָבלעמען און געשעענישן זייער ווײַטע פון אונדזער הײַנטצײַטיקייט, זאָל זיך פילן שאַרף דער שעפערישער תּוך און וועלט־באַנעם פון אַ סאָוועטישן שרײַבער.

און וואָס שייך דעם ריזיק־פאַרצווײַגטן בוים פון אונדזער הײַנטצײַטיקייט, איז כּדי אים איבערצופלאַנצן אויף דײַן אייגענעם באָדן, מוזטו אַדורכפילן, אַדורכשוידערן זײַן וווּקס, ווי דײַן אייגענעם, פון אַ גרין ריטל ביז זײַן מעכטיקן שטאַם, מיט אַלע נאַקעט־מאַכנדיקע האַרבסטן און אין גרינס אים אָנטוענדיקע פרילינגס, מיט זײַן קרעכצן אין פראָסט און מיט זײַן רויִק־רחבותדיקער זומערדיקער באַבלעטערונג. אַזוי, און נאָר אויף אַזאַ אופן, וועט זײַן ניט אָפּצושיידן דיך פון דײַן הײַנט.

כּוחות און צײַט אַ סך האָבן בײַ מיר אָפּגענומען איבערזעצונגען. פּושקין און שעקספּיר, לאָנגפעלאָ און מאַיאַקאָווסקי, קיפּלינג און יעסענין און נאָך אַ סך סאָוויעטישע און ניט־סאָוועטישע דיכטער און פּראָזאַיִקער.

אַ סך ענערגיע און יאָרן האָב איך פאַרווענדט אויף רעדאַגירן ביכער פון די עלטערע און ייִנגערע סאָוועטישע פּאָעטן. צווישן אַלע איז אַממערסטן מיר געווען צום האַרצן די אַרבעט מיט דער שרײַבערישער יוגנט. דאָ, האָט

מיר געדאַכט, פיל איך אויס, חוץ אַלעמען, אַ באַזונדער וויכטיקן און געזעלשאַפטלעכן חוב.

סוף 1939 בין איך געקומען אַהיים קיין ראַהאַטשאָוו. דעם טאַטנס שטול איז שוין געשטאַנען אויבנאָן ליידיק. אַפילו די מאַמע פלעגט זעלטן פאַרנעמען דאָס אָרט, שוין אָפּגערעדט פון אונדז, די קינדער. מיט מײַן קומען פלעגן בײַ דער מאַמען אין שטוב זיך אויפזאַמלען משפּחה־לײַט — ברידער, שוועסטער, אָרטיקע און צונויפגעפאָרענע פונעם אַרום; שטעטלדיקע לערערס, באַקאַנטע. דער טיש שטייט גרייט, די מאַמע איז ניטאָ, מיטאַמאָל שווימט זי פון ערגעץ אַרויס אָנגעטאָן אין מײַן פּידזשאַק, מיטן נאָרוואָס באַקומענעם אָרדען „ערן־צייכן" אין דער לאַץ.

לחיים, חברים! — זאָגט די מאַמע צו אַלע די, וואָס זײַנען ענגלער צונויפגערוקט געזעסן בײַם טיש. — איר מיינט אַוודאי, אַז דאָס האָט מען אים באַלוינט? ניין, זײַט וויסן, דאָס האָט די מלוכה אונדזערע געגעבן דעם אָרדען מיר, דער מאַמען זײַנער. צען קינדער האָב איך געהאַט, און אַלעמען, כאָטש אין נויט, נאָר אויף די פיס געשטעלט. ער איז דאָך בײַ מיר שוין, קיין עין־הרע, דער נײַנטער.

מיט יאָרן שפּעטער, איז 1957, ווען די מלוכה האָט מיך צום צווייטן מאָל באַלוינט — מיטן אָרדען „רויטע אַרבעטס־פאָן" — האָט זיך מיר, באַדאַנקענדיק דער מלוכה און דער פּאַרטיי פאַר איר אויפמערקזאַמקייט, שטאַרק געוואָלט צוגעבן, אַז ס'איז שוין ניטאָ יענע, וועלכע האָט געהאַט דאָס פולע רעכט צו זאָגן, אַז דאָס האָט מען באַלוינט זי, אַז איך בין בײַ איר דער נײַנטער, דער מזלדיקער.

אָפּשטעלן זיך אויף פּרטים פון מײַן שטייגער־לעבן איז ניט דאָ דאָס אָרט. איך האָב, למשל, פאַרפעלט, ווו איך האָב ווײַטער געלערנט, שטודירט. אויסגעמיטן אַפילו וויכטיקע איינצלהייטן פון אַזאַ לעבנס־פּעריאָד, ווי זעקס יאָר (1924—1930) אַרבעט בײַ קאָרעקטור, ווײַל... דער עיקר פאַר אַ שרײַבער זײַנען די ביכער זײַנע, אָרנטלעך געשריבענע, יאָרנווײַז אויסגעטראָגענע און אויסגעהיטע — זיי זײַנען די סאַמע פּאַרטיפּטע און אויסגעברייטערטע אויטאָביאָגראַפיע זײַנע, בפרט נאָך פון אַ ליריקער, וועלכער רעדט וועגן אַלץ און אַלעמען אין דער ערשטער פּערזאָן, ניט נאָר דערפאַר, ווײַל ער וויל זיך אַרויסזאָגן, באַפרײַען זיך פון דעם, וואָס אים קלעמט, אים פּערזענלעך, נאָר אויך און דער עיקר, ווײַל דורך אים רעדט אַרויס זײַן צײַט, די לײַדן און פרײדן פון זײַן דור. זײַן גאַנצע דיכטערישע מי און זײַן גאַנץ לעבן גיט ער אָפּ, כּדי וואָס אָפטער אָפּצוקעמפן בײַ דער פאַרגעסנהייט עפּעס וויכטיקס פאַרן הײַנט און פאַרן שפּעטער. דרינגט אַרײַן אין די ביכער, און איר וועט דאָרטן דערזען די ביאָגראַפיע פונעם דיכטער — מיט געציילטע טעג און חדשים פרייד און באַפרידיקונג און מיט לאַנגע, לאַנגע יאָרן שווערער האָרעוואַניע.

וואָס שייך מיך פּערזענלעך, איז אויף וויפל זעכציק טיילט זיך אויף דרײַ, זײַנען צוויי דריטל פון מײַן לעבן — אין מײַנע ביכער. די „בלויזן" צווישן ליד און ליד, פּאָעמע און פּאָעמע, דראַמע און דראַמע, בעסער געזאָגט, דאָס אויטאָביאָגראַפישע — דער הינטערגרונט, וואָס ליגט אונטער אַלע זיי, — וועגן דעם האָף איך נאָך אָנשרײַבן אַ באַזונדער בוך. ווײַל עס דאַרף געשען אַן אָפענער נס, כּדי מען זאָל אין געציילטע עטלעכע זײַטלעך קאָנען אַרײַנפּאַסן

אַ גאַנץ לעבן. און וואָס עפּעס נאָר דײַנס? ווי קאָנסטו אַרויסנעמען זיך פונעם גאַנצן אַרום און אויך פון יענע אַרומען, וועלכע האָבן אין משך פון צענדליקער יאָרן פאַר דיר זיך געעפנט און שוין פאַרשלאָסן זיך אַהינטער דיר?

נו, און דאָס לעבן פון דײַן נאָענטסטן פרײַנד — דײַן פרוי, וואָס האָט אין משך פון כּמעט פערציק יאָר זיך אַזוי אַרײַנגעוועבט אין אַלע דײַנע ערגערנישן, אין אַלע דײַנע פריידן; די וואָס איז צוזאַמען מיט דיר געוואַקסן און איז געוואָרן אַ מאָס פאַר דײַן אייגענעם וווּקס; די וואָס איר געוויסנהאַפטי־קייט איז דײַן שטאָלץ, און איר באַשיידנקייט — דער שפּיגל פאַר דײַן געוויסן; דער ערשטער וואַכזאַמער אויער פאַר אַלעם דעם, וואָס דו שאַפסט; איר ביאָגראַפיע — די ביאָגראַפיע פון דײַן צווייטן איך — קענסטו דען אָפּטיילן פון דײַנער? נו, און די קינדער דײַנע!? — שוין דערוואַקסענע, מיט זייער אייגענעם שאַפונגס־וועג, פון דײַנעם אַן אַנדערשדיקן, נאָר פאָרט אַ פאָרזעצונג פון דײַנעם — זײַנען דען ניט דײַן ביאָגראַפיע? און חברים, נאָענטע פרײַנד, וועלכע פאַרנעמען דײַן מוח און דײַן צײַט ניט נאָר מיט זייער לעבן, נאָר אויך נאָך זייער לעבן. זיי זײַנען דען ניט דײַן ביאָגראַפיע? נו, און פײַנד, וועלכע ווילן, אַז איך און מיליאָנען אַזוינע ווי איך — יונג און אַלט — זאָלן אין איין אויגנבליק פאַרשווינדן ווערן פון דער ערד דורך אַ פײַער, וואָס איז טויזנט מאָל הייסער, ווי דאָס אינגעווייד פון דער זון, — זיי, אָט די פײַנד, און דײַן שׂנאה צו זיי, זײַנען דען ניט דײַן ביאָגראַפיע? און דײַנע ברידער און שוועסטער, דורכן פאַשיזם אומגעבראַכטע צווישן מיליאָנען אַנדערע, און דער העלדישער קאַמף פונעם פאָלק קעגן פאַשיזם, איז דען ניט דײַן ביאָגראַפיע? פערציק יאָר נצחונות בײַ דיר אין לאַנד איז דען ניט דײַן ביאָגראַפיע? נו, און דער פרײַנדלעכער זיכערונגס־קרײַז פון אַזוי פיל דעמאָקראַטישע לענדער האָבן דען אַ ווייניקע שייכות צו דײַן ביאָגראַפיע? און די קינסטלעכע לבנות אין הימל, און דער „פרידן־ישוב" אויף דער ערד, ווו ס'איז קאַלט כּמעט ווי אויף דער לבנה, איז דען ניט דײַן ביאָגראַפיע? נו, און דער שלום־בונד פון העכער אַ מיליאַרד מענטשן אין אַלע ווינקעלער פון דער וועלט, איז דען ניט דײַן לײַבלעכע ביאָגראַפיע?

איך וואָלט געזאָגט, אַ גאַנץ רײַכע ביאָגראַפיע פאַר איין מענטשלעך לעבן.

נו, און אָט דאָס געלע בלעטל, וואָס שיידט זיך אָפּ אַזוי לײַכט פונעם האַרבסטיקן בוים, ווי ס'וואָלט דערפילט די אומפאַרמײַדלעכקייט פון דעם, — איז דען ניט דײַן ביאָגראַפיע?

דעריבער טו אַלץ, וואָס אין דײַנע כּוחות, און אַפילו אַ ביסעלע מער, כּדי אויב מע וועט אין דײַן שאַפן ניט דערקענען דאָס, וואָס מענטשן האָבן אויפגעטאָן פאַר דיר, זאָל מען כאָטש זען דאָס, וואָס דו האָסט אויפגעטאָן פאַר זיי.

## וואָס האָב איך נאָך?

וואָס האָב איך נאָך, אַחוץ דאָס ליכט פון פּנים?
אַחוץ דאָס שוצלאָז שמייכלענדיקע מויל? —
דאָס איז מײַן פאַנצער קעגן אַלע מײַנע שׂונאים,
מײַן פעסטונג קעגן קומענדיקן גרויל.

מיט דעם געוועזער נאָר, וואָס איז מיר פאַרבליבן,
איך דאַרף זיך דורכברעכן דורך מחנות פײַנט,
וואָס אין די אויגן איז זיי אָנגעשריבן:
געשעכט כ׳האָב נעכטן, שעכטן גרייט אויך הײַנט.

ס׳איז זייער יעדער קער און ווענד — אַן עדות,
אַז די הבטחה וועט מקוים זײַן,
אַז האָס געירשנטן פון עלטער־זיידעס
זיי וועלן אויסלעשן אין אונדזער פּײַן.

ס׳זאָגט יעדער קוק: אַ סך האָב איך געהרגעט
אַזעלכע פּײַנע תכשיטן, ווי דו;
און איך — ווי קומט צו מיר גאָר אָט די שטאַרקייט,
פונוואַנען נעמט זי זיך צו מיר די רו —

ניט צוצוגיין צום פּײַנט מיט פּויסטן פּלוצים,
אין זינען האָבנדיק אַ שאָטן נוץ;
אין האַרץ איך שטראַל אַרײַן אַ ים מיט גוטס אים —
בײַם דעק זאָל בלײַבן כאָטש איין טראָפּן גוטס.

אַז אויב די שעה די בלוטיקע וועט קומען —
ער זאָל זיך אָפּשטעלן גאָר אומגעריכט:
פונוואַנען האָט זיך עס צו אים גענומען —
אין תּהום פון פינצטערניש אַ שטראַל פון ליכט!

וואָס האָב איך נאָך, אַחוץ דאָס ליכט פון פּנים?
אַחוץ דאָס שוצלאָז־שמייכלענדיקע מויל, —
דאָס איז מײַן פּאַנצער קעגן מײַנע שׂונאים,
מײַן פעסטונג אָפענע אַנטקעגן גרויל.

1951

## דער נײַער אַלף־בית

די האַרבע שפּראַך פון פראָסט אונטער דער הויט
פון הײַנט וועט זײַן די שפּראַך פון אונדזער ריידן,
און בײַם באַגעגענען און זיך צעשיידן —
אַ שטילער נויג פון קאָפּ — צו־פרי פאַרגרויט.

אַ שמייכל — וועט אַן ענטפער זײַן אויף בייז
און אַ צערודערונג — אויף גוטס און מיטלײַד;
פאַרקרעמפּעוועטע ליפּן — די פאַרמיטלער,
די צוגן פון געזיכט — דער אַלף־בית.

דער ניט געשריבענער פון רעכטס אויף לינקס,
דער ניט געשטעמפּלטער, דער ניט פאַרווערטער,
דער ניט געמאָסטענער אין צוים פון ווערטער —
די אַלטע מוטער־שפּראַך פון נײַעם ספינקס.

## אין אַ שווערער שעה

מע דאַרף ניט קיין לידער, דעם קאָפּ ניט פּאַרטויב!
טו בעסער אַ קוק, ווי פאַרבײַ אונדזער שויב
דער תּוך פון דער וועלט זיך אַנטפּלעקט מיטאַמאָל,
און ניט אין געשליפענע פערזן געמאָלט,
און ניט אין קיין גאָלדענע ראַמען געפּאַסט, —
אַ וואָגן, אַ פערד, וואָס עס פאַלט אונטער לאַסט.
און נעבן דעם פערד — מיט אַ בײַטש אין דער האַנט —
אָט דער, וואָס דאָס פערד האָט אין וואָגן געשפּאַנט,
אָט דער, ווײַל ס'האָט עמיץ דעם וועג אים פאַרשווערט,
האָט שווערער געמאַכט נאָך צו טרעטן דעם פערד.

וואָס זינגט איר ניט פויגלען פון נעסטן אַרויס? —
דער תּוך פון דער וועלט שלאָגט פון כּוחות זיך אויס!

## אַ קרומער שמייכל

אַזויפיל האָב איך זיך שוין אָנגעהערט,
אַזויפיל כ׳האָב זיך אָנגעזען דאָ מענטשן,
אַז כ׳קאָן שוין באַלד ניט אומגיין אויף דער ערד
און ניט איך וויל זיי שילטן, ניט איך קאָן זיי בענטשן.

און אַז דאָס לעבן זאָל מיר ניט דערעסן
אַזוי, איך זאָל מער אָטעמען ניט קאָנען, —
איך מוז אַ צײַט אין גאַר דער וועלט פֿאַרגעסן,
כּדי פֿונסנײַ צום גוטן זי דערמאָנען.

נאָר אויב איך האָב אַמאָל זיך פֿאַרגעשטעלט
די לעצטע מײַנע ערדיקע מעת־לעתן, —
כּדי אַוועקגיין רויִק פֿון דער וועלט,
איך וועל זי מוזן נאָכאַמאָל פֿאַרגעסן.



אי. פ. געווידמעט

איך בין פון אים ניט בעסער און ניט שענער.
פאַרוואָס־זשע האָט געדאַרפט נאָר איינער יענער,
אויף מער ניט קומען בײַם פאַרהער צו שטיין,
דעם קאָפּ צעשפּאַלטן זיך אין ווינקלשטיין?

איך בין פון אים ניט ערלעכער, ניט ריינער,
פאַרוואָס־זשע האָט געמוזט אָט יענער איינער,
געוואָרפן זײַן אַ חיה צום פאַרצוקן —
איך זאָל זיך אין די אויגן שעמען קוקן?

פאַרוואָס־זשע איז דער קאָט אַרויס אַן בײַלן?
פאַרוואָס־זשע ווײַכט מען ניט פון אים אויף מײַלן?
פאַרוואָס־זשע טראָגט ער ניט דעם צייכן, קין —
ער זאָל דאָס בייז ניט קאָנען מער באַנײַען?

## צפון־שײַן

די שטוב איז פול מיט רויך, מיט פלייצעס און מיט נומערן,
און איך בײַם ברעג פון נאַרע זיץ, די אויגן — צו —
איך זאָל זיך ניט אַרומקוקן און ניט אַרומהערן,
געפינען זאָל איך זיך אין אינדזועלע פון רו.

דער קאָפּ געלענט צום סלופּ — אויף אים זיך שפּאַרט דער באַלקן אָן,
לענגאויס דער שטוב — פון בײדע זײַטן — סלופּעס צען,
און אַלע, דאַכט, פאַרשטעלן מיר: ניטאָ דאָ האַלקינען.
זײַן גרויען קאָפּ און שוואַרצע וואָנצעס נאָר צו זען.

און ער אַליין — אין נאַכט, אין שניי פון מדבר טונדרישן,
פאַרשיקט אַהער, אויף קיינמאָל קערן זיך צוריק, —
ער שטייט און קוקט פאַרגאַפּט אויף צפונדיקער וווּנדער־שײַן
און פון דער הויך ער קאָן ניט אָפּרייסן זײַן בליק:

דער נס געשעט דאָרט ווו אין הימל־רוים אין ווײַפלטן?
פון וועלט אין וועלט זיך וואַרפן איבער טײַכן שײַן;
אַ זילבער־לויכטנדיק געצעלט די הימלדיקע טיף פילט אָן,
און שטיפנדיק פאַרכאַפּט די ערד אין קאָן אַרײַן.

פאַרקרויזט, פאַרשלייערט זיי מיט פאַרביק־פאַכנדיקע פאַרהאַנגען,
וואָס יעדן אויגנבליק די נאַכט פון זיך געבירט,
און ער און גאָר די ערד מיט אַלע אירע טעג און יאָרגאַנגען
אין אָט דעם הימלדיקן וווּנדער זיך פאַרלירט...

נאָר איינער דאָרט — אַ ריינער שטערן אַ געלײַטערטער,
דורך אַלע פּאַרהאַנגען ער שפּיזט אַדורך און לײַכט
און זאָגט: דו טרויער־מענטש, ווי דו כ׳בין אַ דערווײַטערטער
אין קיניגרײַך בײַ מיר — וואָלסט זיך צו מיר געגלײַכט, —
הייב אויף דעם קאָפּ...

די שטוב איז פול מיט בלאַסע פּנימער,
און איך בײַם ברעג פון נאַרע זיץ, די אויגן אויף:
איך זוך די נאַכט, די שײַן, דעם שטערן — ניט צו זען אים מער,
נאָר ערגעץ טיף אין האַרצן לײַכט אין מיר זײַן רוף.

אַבעז, 1951

## סדום

איך האָב געמיינט, אַז אייביק ער באַגלייט
דער תּהום פון בלוט, וואָס היינט אונדז שאַרף צעשיידט,
אַז כ'וועל ניט וואַגן שטרעקן דיר מײַן האַנט
אריבער אים, ניט שטיין מיט דיר באַנאַנד;
אַז ס'וועט דײַן ווילזײַן טאָן מיר האַרציק באַנג;
אַז ווי אַ קלאָג וועט זײַן מיר דײַן געזאַנג;
אַז אויך די נעמען פון דײַן קינד און ווײַב,
ווי דערנער שטעכן וועלן מיר מײַן לײַב;

אַז ביז צום סוף וועט זײַן מײַן טיפסטע פרייד:
צו זען איך גיין איז זאַק און אַש געקליידט;
דײַן שטאָט אין פײַער זײַן, דײַן הויז — אין פלאַם,
דײַן ברויט מיט שטרוי געמישט, דײַן ווײַן — מיט סם,
דײַן לאַנד — אין חורבן זען, דײַן פאָלק — אין טרויער,
ווײַל ס'איז די בראָך פון מײַנעם אומגעהויער...

נאָר דאָ, ווײַזט אויס, געוועזן איז אַ בייזוווּנדער:
ווײַל אויב איין האַנט זי האָט אונדז אָפּגעזונדערט,
אַ צווייטע האָט פאַרפּלאָנטערט אונדז, פאַרקניפּט
און אויף דער זיפּ דערזעלבער אונדז געזיפּט...
און אָט דו שטייסט און הערסט מיט פורכט און חידוש,
ווי ס'זינגט אַ לויב זײַן פאָלק אַ ייִד אויף ייִדיש,
און איך — ווי דו גיסט אויס פאַר מיר דאָס האַרץ גערמאַניש;

איך שטיי און הער און קיינזאַך דיר דערמאָן נישט.
מיט האַרץ און אויערן איך דרינג אַרײַן
אין גאָר דער וועלט דײַנער, אין גאָר דײַן זײַן,
איך פּרוּוו דיך אָפּזוכן בײַם שפּרע, בײַם רײַן;
אַ דיכטער־האַרץ איז אפשר אויסער חשד, —

דאַן טוט מיר באַנג, אויב דיר האָט אויך געשאַדט,
ווען דו ביסט ניט אַרויסגעגאַן ווי לוט,
אַמאָל פון סדום — פון זינד־פאַרפולטער שטאָט,
און ס'האָט פאַרכאַפּט פון בלוט דער טיפער תהום
אויך דיך אין מיט פון ברענענדיקן סדום...

נאָר אויב מײַן האַרץ־פאַרטרויונג נאַרסטו אָפּ,
און פאַר מײַן טרויער נויגסטו ניט דײַן קאָפּ,
און ס'איז דײַן האַרץ פאַרשטאָפּט אַזוי ווי נעכטן, —
זאָל אַלדאָס גוטס זיך אויסקערן צום שלעכטן
און פאַלן אויף דײַן קאָפּ... און ס'זאָל די שעה,
וואָס כ'בין מיט דיר באַנאַנד געשטאַנען דאָ,
מיט שוואַרץ זײַן אָפּגעמערקט אין לעבנס־דויער,
אַלס שעה פון בראָך מײַנעם, אַלס שעה פון טרויער.

אבעז, 1952

## דאָס אָרט אויף לינקס

וואָס מאַכסט זיך נאַריש, מענטש, טו נאָך פון לינקס דעם שכן.
ווען ער איז האַלבע נאַכט צום שטעכל־דראָט געקראָכן,
אויף בלײַבן ליגן דאָרט — האָט ער זיך דען פאַרטראַכט,
אַז דו וועסט שלאָפן רויִק הײַנט אַ גאַנצע נאַכט,
און ערשט גאַנצפרי דערזען, אַז לינקס דאָס אָרט איז ליידיק?
געטראַכט האָט ער נאָר איינס: אַז ער איז שטאַרק באַליידיקט
אומזיסט־אומנישט... און, אפשר קיינזאַך ניט געטראַכט?
(פאַר קיינעם זיך קיין קרבן ניט געבראַכט)
אַרויס זיך פרײַ מאַכן און האָט דעם חשבון גיך געמאַכט:
אַז ס׳איז דאָס לעבן סײַוויסײַ ניט ווערט קיין גראָשן, —
אַרויף אויף דעם פאַרוווערטן פּאַס און איז ניטאָ שוין.

און דו? — דו טראַכסט דאָך איצטער, ווי זײַן אָרט פאַרנעמען,
כּדי עס זאָל ניט אָנקומען אַ צווייטן ווען.
(וואָס דען, וועסט טראַכטן, ווי זײַן אָנדענק ניט פאַרשעמען!)
ווײַל ווי ס׳וועט ווערן טאָג — פאַרכאַפּן קאָן אַ צווייטער,
און פאַרט דאָס אָרט אויף לינקס איז אויף אַ פינגער ברייטער,
דער צוויאַק דאָרט פעסטער האַלט, די ברעט — געהובלט מער, —

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אָרט אויף לינקס צו דיר געהער.
ווײַל דיר האָט שטאַרק דערעסן שוין דאָס שלאָפן מויל צו מויל
וואָס ווי אַן אָפּגרונט אָפן איז און פול מיט גרויל
און קללות פינצטערע... איז, מענטש, זע זײַ ניט פויל.
אויף וועלכן שטאָפּל זאָלסט ניט שטיין פון אויסגעדאַכטן לייטער
איז וויכטיק פאָרט, אויב ס׳איז דאָס אָרט כאָטש אויף אַ פינגער ברייטער.

נאָר וואָס וועט זײַן, ווען פּלוצים קומט דיר אַ געדאַנק:
ווי ער, פֿאַרלאָזן האַלבע נאַכט די ברעטער־באַנק,
צוליב אַ נויטבאַדערפֿטיקייט, ווי ער, אין גאַס אַרויס,
און דײַן, צי זײַן געדאַנק, וועט געבן דיר אַ שטויס,
אַ צי אַהין, צו דעם פֿאַרוווּרטן פּאַס און — אויס...

גלייב מיר, וועסט קיינעם דאָך דערמיט ניט טאָן קיין שלעכטס —
אַ האַלבע ווינטער־נאַכט וועט מענטשן עטעמען זײַן גרינגער
און אַט דאָס אָרט אויף לינקס, וואָס ברייטער מיט אַ פֿינגער,
גאַנצפֿרי פֿאַרנעמען וועט דער שכן, וואָס פֿון רעכטס.

אַבעז, 1951

## אַ חלום אויף דער וואָר

פון דאַנען ביז דער פרײַהייט — טויזנט יאָר,
און דו קאָנסט לעבן, העכסטנס, צוויי צי דרײַ יאָר,
נאָר דאָך דו זעסט אַמאָל: דו גייסט אַ פרײַער,
און ניט אין חלום, דווקא אויף דער וואָר.

ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן, נאָר שטעל זיך פאָר
אַז ניט אין טונדרע־ווינטערניש דו וואָגלסט:
אָט איז אַרבאַט, אָט איז דער דענקמאָל גאָגאָלס;
ס'איז חודש יולי — דער הימל בלוי און קלאָר.

גייסט איין־אַליין קיין וועכטער ניט אין פּאָר
די הענט קאָנסט האַלטן פרײַ, ניט נאָר אַהינטער;
פאָרויס — ליגט אַ בולוואַר אַן אויסגעגרינטער
פון דאַנען — הונדערט טריט געבליבן נאָר...

אָט דאָ אַ ביסל צואײַלן מע טאָר?
דאָס האַרץ נעמט קלאַפּן שטאַרק, דאָס בלוט נעמט שטורמען:
אָט איז דאָס געסל, ווו געלעבט האָט פלעכאַנאָוו
און דאָ — איין ברייטן שפּאַן נאָר מאָך און גאָר...

פונדאַנען ביז דער פרײַהייט — טויזנט ווערסט
אויב אָט דעם לעצטן שפּאַן דו קאָנסט ניט מאַכן...
די וויינסט? — מע דאַרף ניט וויינען, בעסער לאַכן,
דו לאַכסט? — מע דאַרף ניט, דאַכט, משוגע ווערסט
דײַן לעבן, מענטש, איצט הענגט דאָך אויף אַ האָר.

פונדאַנען ביז דער פרײַהייט — טויזנט יאָר
אויב דאָס איז חלום, וואָס איז דעמאָלט וואָר?

מאָסקווע, 1953

## און אַז די ערד איז דאָ געפּראָרן...

און אַז די ערד איז דאָ געפּראָרן —
דאַרף אויך דאָס האַרץ פאַרפראָרן זײַן ?
כ׳בין ניט אָט דאָ אויף איר געבאָרן —
אויף אָט דער ערד פון צער און צאָרן,
און ניט אין איר איך וויל אַרײַן.

און אַז די שאַרף פון אַלע שפּיזן,
וואָס שמידט מיך צו צו אָט דער ערד,
איז אין מײַן האַרצן אָנגעוויזן
אין לײַב, אין לעבן, אין געוויסן,
אין שטערן־הויך פון מענטשן־ווערט, —

ווער דען דער שטערן טאָן אַ ציטער ?
דאַרף דען פאַרטונקלט זײַן דער בליק ?
און קעגן ביקס אין האַנט געניטער
פון יונגן אויפגעהעצטן היטער
דאָס האַרץ וועט אָפּטרעטן צוריק ?

און אויב עס פּלאָגט דיך דאָס געיאָמער
פון מענטשן־לײַב וואָס ווערט געפּלאָגט,
ווײַל ס׳איז קיין אויסלייזונג ניטאָ מער
פון אָט דעם שדים־כּתב — דעם „נאָמער״
וואָס יעדער אויף דער פּלייצע טראָגט, —

דאַרף דען דאָס האַרץ פאַרפראָרן ווערן —
ניט אויסהאַלטן דעם שווערסטן פּרוּוו ?
אַזויפיל ליבסטע ווילן הערן,
אַז מיר צום לעבן נאָך געהערן, —
מײַן האַרץ זײַ וואַך, צו דינסט שטיי אויף !

פאַר זייער פרייד געווען ביסט ערוב —
איצט זײַ אַ שותּף זיי אין צער;
אין ליכט, אין זון איז אײַער דור אויף,
איין וועלט געוואָרן איז אײַך חרוב
דורך איינעם און דעם זעלבן גזר, —

איז זאָלסט, מײַן האַרץ זיך ניט דערוועגן
צו אויסבאַהאַלטן זיך אין וויי.
דורך דײַנע אויסדערווײַלטע וועגן
דו טראָג אַ טרייסט־וואָרט זיי אַנטקעגן,
אַז זײַן געטרייסט זאָלסטו מיט זיי.

אבעז, 1951

# דאָס קישעלע פון שלום

וואָס רײַסטו אויף דאָס קישעלע פון פוך,
געהילט אין שוואַרצן מענטעלע פון סאַמעט?
דו בלינדער יונג, אין האַרצן בעסער זוך —
דאָרט וועסטו עפּעס אָפּזוכן מסתּמא.

קיין מעסערס זוך דאָרט ניט — דײַן מי אומזיסט,
און קיין כּלי־זין דאָרט וועסט ניט געפינען;
איין טראָט פון וועג, ווען כ׳מאַך — אין מיר דו שיסט,
נאָר איך — אין דיר מיר קומט גאָר ניט אין זינען.

אַ יעדער פעדערל דו טאַפּסט דאָרט אויס,
פאַרזעענדיק דערבײַ צוויי גרויסע פליגלען,
וואָס טראָגן מיך פון אָט דער קלעם אַרויס —
פון הינטער אַלע שטעך־דראָטן און ריגלען,

וואָס נאָר פאָר נויט זיי ברענגען מיך צוריק
און לאָזן מיך אַראָפּ אין טאָל פון לײַדן,
וואָס ניט אַרומצוכאַפּן מיטן בליק,
און ניט מיט ווערטער זיי אַרויסצורײדן.

ווו אויסגאַנגלאָזיקייט מיר רופן: רו
פון זײַן און ניט־זײַן איז ניטאָ קיין צווישן;
ווו טויטער גלײַכגילט דריקט דעם קאָפּ אונדז צו
צו שטרויענעם, צום אויסגעדאַרטן קישן.

בויג אָן דעם קאָפּ, כ׳וועל זאָגן דיר געהיים:
דאָס קישעלע האָט זייער לאַנג געוואַנדערט,
פון דאָרט, ווו ס׳איז אַמאָל געווען מײַן היים
און ווו כ׳וועל אפשר קיינמאָל מער ניט זײַן דאָרט.

דאָס קישעלע איז קליין, נאָר שטעל זיך פֿאָר
אויף דעם צוויי קעפּ — אַ שוואַרצער און אַ בלאָנדער,
און באַק צו באַק... ביז הײַנט כ׳זוך אָפּ אַ האָר
פֿון יענעם ליכט־און־שאָטנדיקן פּלאָנטער.

דאָס קישעלע איז העל־באַזונטע וואָר,
וואָס קומט ביז הײַנט בײַנאַכט צו מיר אין חלום.
ניט זוך קיין קריג, קיין מעסערס זוך ניט דאָרט.
דאָס קישעלע איז דאָך דורכאויס פֿון שלום.

אָבעז, 1951

## ווי וואָלט איך לעבן דאָרט?

ווי וואָלט איך דאָרט אַן גרויסער ליבשאַפט קאָנען לעבן?
פון שענסטער ברודערשאַפט ווער וואָלט פאַרפולט דאָס אָרט?
ווו ס׳האָט געגרוישט אַ וואַלד איז איצט אַ מדבר דאָרט,
און איך — אויף מענטשן־שפּראַך וואָלט דאָרטן ניט געטאָרט
דעם דור פאַרשניטענעם מײַן תּיקון געבן,
און אָפּשטעלן מיט גוואַלד מײַן לעבן — כ׳וואָלט אַ מאָרד
באַגייז, וואָס קיינער וואָלט מיר אפשר קיינמאָל ניט פאַרגעבן.

ווער וואָלט געגלויבט: אין ליבן רינג פון פרוי און קינדער —
אַן אבל בין איך, און אַז עס זויגט מײַן מאַרך אַ שלאַנג:
אַז אפשר, גאָט ווייסט־ווו, פאַרדאָרבן איז מײַן גאַנג,
אַז אפשר ערגעץ — ווו געבליבן כ׳בין אַהינטער
און ס׳איז מײַן אָטעם לופט ניט ערלעך אַ פאַרדינטער,
אויב איך בין ניט מיט די, וואָס זײַנען אָפּ אויף לאַנג
אין לאַנד פון שניי און ווייי און גרוילנדיקן ווינטער.

די לעצטע זײַנען אָפּ — ס׳האָט זייער טראָט פאַרשלונגען
דאָס אייביקע געטוף פון פיס, וואָס לעבן הייסט;
און ווי יתומים, ווי פאַרשעמטע, ניט געטרייסט —
די לידער זייערע, וואָס האָבן אַזוי דרײַסט געקלונגען
(אַוועק אין קלעם אויף קיינמאָל ווערן אויסגעלייזט)
און אַלע זייערע די שענסטע בעסטע טוּונגען —
פאַרשוואַרצט, פאַרמעקט, פאַררעכנט זיי פאַר אַלדאָס בייז.

איז ווי וואָלט איך דאָרט עפענען דאָס מויל צו זאָגן:
גוטמאָרגן, קינדער, אײַך, גוט־אָוונט ליבסטע פרוי.
כ'וואָלט ווי אַ באַרג געשטומט, און ווי אַ פעלד אָן טוי,
געוועלקט, און אויב אַ קוואַל וואָלט זיך אַדורכגעשלאָגן,
אַ שטראַלנדיקער קוואַל — ער וואָלט געוואָרן גרוי
פון קוק מיינעם אויף אים — ער וואָלט פאַרקילט אַזוי,
אַז ער וואָלט שפּילעוודיק זיך ווײַטער ניט געטראָגן:
מײַן וועלט איז חרוב, און כ'זע זי ניט אין אויפגעבוי!

כ'וואָלט דאָרט געזאָרגט: ווער וועט דעם גרונטשטיין לייגן ווידער?
די זײַלן שניצן, פענצטער שנײַדן צו דער זון?
און איצט, אַ לויב צו גאָט, איך בין באַפרײַט דערפון:
איך שפּאַן אין יאָך מיט אַלע מײַנע פרײַנט און ברידער,
און גרינגער ווערט מײַן צער און לינדער איז מײַן וויי;
און כ'טראַכט, איך זאָג צו זיך אַליין און אויך צו זיי:
אַז אונדזער גרויסער בראָך אַמאָל מיר טוט ניט באַנג.

ווײַל די, וואָס זייען איצט מיט טרערן דעם פאַרזיי —
זיי זייען זיך דאָס רעכט צו שנײַדן מיט געזאַנג.

אַבעז, 1951

## איך לעב דאָר נאָר

איך לעב דאָר נאָר, און איר הייבט אָן שוין צו פאַרגעסן.
אַ קעלט עס ווייט אַמאָל פון אײַערן אַן אות,
נאָר ניט אויף אײַך איך טראָג אין האַרצן אַ פאַרדראָס, —
אויף זיי, אויף זיי — אויף אָט די טויזנטער מעת־לעתן,
וואָס כ׳בין מיט אײַך בײַם טיש צוזאַמען ניט געזעסן
בײַם ברויט און זאַלץ, און ווײַן בײַם פולן כּוס, —
אויף זיי, אויף זיי עס וואַקסט אין האַרצן אַ פאַרדראָס.

דורך רעגן, שניי און שטורעם לויפן כ׳בין קאַפּאַבל —
אויף צו דערפילן אויף דער האַנט די לאַסט פון אײַער בריוו.
וואָס איז די איינציקע פאַרשפּעטיקנדיקע שיף
אין ים פון מײַנע לײַד — אין ווירבלענדיקן מבול,
די שיף וואָס קערט זיך אום אַלץ לײדיקער פון וועג,
פון מאָל צו מאָל — שטייט־צו אַלץ ווײַטער פון מײַן ברעג.

מיט בענקעניש איך בין און ברענענדיקע אויגן,
מיט נאָר ניט אָנגערופענעם דורך קיינעם משוגעת, —
איך בויער דורך די בריוו, די ווײַט, די שטאָט, די גאַס,
די ווענט פון שטוב, וווּ כ׳האָב אַ ליבן דור דערצויגן,
און אויך די צײַט, וואָס האָט אַ הויכן צוים פאַרצויגן —
אַן אָפּגרונט אָנגעמערקט צווישן מיר און אײַך:
ניט ווילנדיק, ניט וויסנדיק — מיר זײַנען פאָרט ניט גלײַך.

מײַן גאַנג איז אָפּגעצוימט, מײַן וועג איז אויסגעמאָסטן:
איין שפּאַן פון וועג, ווען כ׳מאַך, איין טראָט — אויף לינקס צי רעכטס
ניט האַבנדיק דערבײַ אין זין קיין שאָטן שלעכטס —
אַ קויל דעריאָגן וועט מיר פונעם הויכן פּאָסטן
און אײַער וועג — אויף אָט דעם טראָט איז לענגער פאָרט,
און די פאַרגעסנהייט — אויף אים פאַר זיך געפינט אַן אָרט.

איז וואָס וועט ווײַטער זײַן, איז וואָס קאָן זײַן שוין שפּעטער,
אויב איך וועל לעבן נאָך, נאָר איר וועט זײַן שוין מיד
פון בענקשאַפט שטענדיקער, פון זײַן נאָר צוגעשמידט
צו איין געדאַנק, וואָס אויסבלייכן זיך וועט ער
דורך יום־טובדיקע טעג און וואָכנדיקסטער וואָר,
דורך צײַט וואָס היילט אויס יעדן אויסגאַנגסלאָזן בראָך.

און אָפּרופן צוריק מיך, ווי בײַם טויט זיך בעטן,
ניט אויף קיין האָר דערנענטערן, ניט גריסן פונדערווײַט;
אָט ווי אַ קייט פון בערג זיך אויסגעצויגן האָט די צײַט
וואָס ניט פאַר מענטשן־כּוחות זי אַריבערטרעטן
און נאָר אַ נס, אַ נס אַ ליכטיקער דאַרף טרעפן,
די טויערן פון טויט צוריק זיך טאָן זאָלן אַן עפן.

נאָר איך — איך גלייב אין נסים ניט; כ׳דערוואַרט קיין וווּנדער.
אָט דאָ דערשפּאַנען זאָל איך — מײַן אָפּגעריבטן וועג?
אַ שלאַכט פאַרביטערטע איך פיר דורך אַלע נעכט און טעג —
מײַן לעצטן אָטעם ניט צו אָפּגעבן דער טונדרע,
מיט אײַך צו זײַן די לעצטע מײַנע ערדישע מעת־לעתן, —
איר זעט, איך לעב דאָך נאָך, און איר הייבט אָן שוין צו פאַרגעסן.

אבעז, 1952

## אין חרם־עיגול

און אַז איך וויל — דערקלער איך זיך דאָס אַלץ גאָר אַנדערש;
כאָטש אָפּט איז שווער אַליין זיך אײַנריידן אין דעם:
אַז ניט דורך גוואַלט געבראַכט בין איך אַהער, אין קלעם,
אַז פרײַוויליק האָב איך אַהערצו אויסגעוואַנדערט.

אַז ניט געפאַנגען בין איך אין אַ נעץ פון דראָטן,
אַז דאָס האָב איך אַליין זיך אָפּגעצוימט, צעשיידט
מיט וואַכעדיקער זאָרג פאַר ברויט, פאַר שוך און קלייד,
מיט ליבן עול אַ טרייער מאַן זײַן, ווי געבאָטן.

וואָס מיר, ווי אַנדערע, ניט שטענדיק איז געראָטן;
ווי אָפּט פלעגט מײַן געוויסן פלאָגן זיך דערמיט, —
און איצט פון אָט דעם אַלעם פרײַ איז מײַן געמיט,
פון זינט די שוועל פון נײַעם זײַן איך האָב באַטראָטן...

ווײַל דאָרט בין איך געווען שוין מיד פון צופיל וויסן;
מיט טויזנט פּעדעם כ׳בין געווען דאָרט אײַנגעוועבט
אין אַלץ, וואָס שטאַרבט אין רעש און אין געטומל לעבט,
און טויזנט מאָל אַ טאָג — געוואָרן מיטגעריסן.

מיט גאָר דער וועלט — אין אַלע אירע שוואַרצע העלן.
און אַלץ האָב איך געדאַרפט, און אַלץ האָב איך געמוזט,
קיין רגע רו, כאָטש איך האָב זייער גוט געוווסט,
אַז צײַט צו אָט דעם אַלעם אַ פּונקט שוין שטעלן.

ווײַל שוין אין זומערדיקע טונקעלע פאַרנאַכטן
כ׳פלעג שאַרף ניט שיידן בלוי פון גרוי און גרין פון שוואַרץ,
און דאָס באַטײַט: ס׳איז עפּעס ניט כשורה מיטן האַרץ,
און דאָס באַטײַט: שוין צײַט דיר פון אַ תּכלית טראַכטן.

אַז אַלץ וואָס האָסט דערוואָרבן — צײַט אין אָרדנונג ברענגען,
אַרויס פון קאַן, אַהינטער אָפּגיין טראָט נאָך טראָט, —
דערפאַר כ׳באַמערק דאָ ניט אַמאָל דאָס שטעכל-דראָט,
און זע די שנייען-פּרענדז נאָר, וואָס אויף זיי זיך הענגען...

און אויב מײַן חרם-עיגול טראָגט דעם נאָמען „זאָנע“,
פונוואַנען איך וועל אפשר קיינמאָל ניט אַרויס, —
אַלצאיינס איך זע זי דאָ אַ פולע די לבנה,
דעם שטערנדיקן הימל — אין זײַן גאַנצער גרויס.

און אויב מע וועט זי מיר פאַרקירצן נאָך, פאַרשמעלן,
מיט פענדלער צייכענען: דערלויבט איז גיין דיר ביז...
פון טאָג און נאַכט — קיין רגע וועט מיר דאָ ניט פעלן
און פילן גאָר די ערד כ׳וועל אונטער מײַנע פיס.

נאָר ווען דערקלייבן וועלן זיך צום לײַב די נעצן,
און אַרום מיר וועט בלײַבן פרײַ ניט מער אַ שפּאַן, —
אויף אָט דעם פּיצל ערד איך וועל זיך שבעה זעצן
נאָך גאָר דער וועלט, וואָס ס׳איז אויף איר אַזוינס פאַראַן.

אבעז, 1952

***

ניין, ביז מיר לײַכט דער טאָג, בײַנאַכט — די שײַן פון צפון
און איבער מיר דער הימל פרײַ — אַן אויג די גרייס, —
איך ווער ניט מיד דורך דעם אַרויסקוקן און האָפן
זיך פילן, ווי אַ קינד בײַ גאָר דער ערד אין שויס
און זען אויף טויזנט יאָר צוריק און טויזנט יאָר פאָרויס.

1952

## און איך האָב גאָר דאָס חיות ניט געפילט

און איך האָב גאָר דאָס חיות ניט געפילט:
אַ מיידעלע האָט אויף די קני געשפּילט,
אַן אייניקל מיט בלאָנדלעך־טונקלע האָר —
אַ נחתל פון צוויי ניט פולע יאָר...

פרעגסט: ווו איז דאָס געווען? — אויף יענער זייַט
פון אָט די ווענט, פון אָט דעם רוים און צייַט;
פרעגסט: ווען איז דאָס געווען? — אַמאָל־אַמאָל...
זי האָט צום טיש געשלעפּט מיך: „דידאַ״, מאָל:
אַ שטוב, אַ דאַך, אַ קוימען און אַ רויך,
אַ גרויסן געלן זונראָד אינדערהויך,
אַ צוים, אַ גרינעם בוים, אַ לופטיק פעלד,
אַ וועג, וואָס פירט פון שטוב אין גרויסער וועלט;
אינמיטן וועלט — אַ מענטש אַוועקגעשטעלט,
וואָס זי האָט גלייַך דערקענט אים: „דידאַ״ — דו?
(פון דעמאָלט אָן פאַרלוירן כ׳האָב מייַן רו)
זי האָט אים גלייַך דערקענט, צו זיך דערנענט,
און צוגעדעקט אינם פעסט מיט ביידע הענט,
מיט אַלע אירע צען צעשטראַלטע פינגער,
וואָס יעדן אויסקושן געוועזן איז גרינגער,
ווי איצט אַ טראַכט טאָן: אַ גוטמאַרגן אייַך...
פון אַלץ, פון אַלץ — זיך אויסגעלאָזט אַ טייַך,
און פון דער ערד און ביז דעם זונראָד אינדערהייך —
געבליבן נאָר איין רינגעלע — דער רויך.

1953

## באַטראַכטנדיק זיך אַליין

וואָס זײַנען מיר קרבנות? — ניין אַ ליגן!
קרבנות, ווען געבונדענע זיי ליגן
זיי פרוּוון ווערן איינס מיטן מזבח...
אויף ניט אַרויסצוּגעבן זייער וויי אַך —
זיי דעקן צוויי מאָל איבער זיך די ראיה:
מיט אַ פאַרגעסנהייט און מיט דער וויע...

און נאָר ווען אינעם אָפּפערגרייטן גוף
די שפּלדיקע שאָף זי כאַפּט זיך אויף, —
זי טוט אַ קוק אַרויף, אויף לינקס, אויף רעכטס
און זעט: פאַר פרעמדע זינד — פאַר גוטס און שלעכטס
זי דאַרף אַ קרבן זײַן...

אבעז, 1952

## אין אַ ווינטער־נאַכט

די גאַסן פון שניי און די הײַזער — אין שניי,
און איך צווישן זיי אַ פאַרוואָגלטער גיי;
אַריבער די דעכער, די גאַסן און מיר —
אַ פינצטערע נאַכט און אַ שניי־שעמעריר;
צום ליכט־צו פון שאָטן דעם שניי טרײַבט דער ווינט,
און צווישן די דראָטן — אַ וועכטער מיט הינט.

מיך היט אויך דער וועכטער, וואָס שטייט אין דער הויך
מיר דאַכט, אַז מיך היט אויך אַפילו דער רויך,
וואָס פלייצט פונעם קוימען, דאָס טראָפּעלע שײַן,
וואָס דרינגט דורך דער שויב אין דער פינצטער אַרײַן;
ס׳פארפרירט מיר דעם אָטעם, די טריט מײַנע בינדט
פון צווישן די דראָטן ס׳געביל פון די הינט.

און דאָרטן, אַהינטער די דראָטן — דערבײַ,
אָט דאָרט, ווען ס׳איז ליכטיק זיך רופט „אויף דער פרײַ״,
און מיר איז אַהינצו אַ קוק טאָן פאַרווערט, —
דאָרט קאָכט איצט, דאָרט מישט זיך איצט הימל מיט ערד:
דאָרט שפּילט איצט די טונדרע — זיך ווײַזט און פאַרשווינדט
באַגלייט דורך אַ גרוויליק געהויל פון די הינט.

און ס׳בוויערט דאָס בילן דעם בויך פון דער נאַכט —
אַלץ העכער און העכער זי לעכערט, און ס׳דאַכט:
צום זיבעטן הימל דערקלײַבן זיך וויל
דורך נאַכטישן פינצטער דאָס הינטיש געביל —
דער איינציקער שטערן וואָס לעשט זיך און צינדט,
באַוואַכט זאָל ער ווערן דורך בילן פון הינט.

ס׳גייט דורך איבער לײַב מיר אַ סקרוך און אַ פראָסט
פון פראָסטיקן ווינט און פון הינטישן פּאָסט,
וואָס האָט זיך אינמיטן מײַן וועלט מיר געשטעלט,
וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן באַהערשן די וועלט, —
אַז ים און יבשה זאָל ווערן באַשפּינט
מיט שטעכיקע דראָטן, מיט וועכטער און הינט.

און ס׳וויינט מיר מײַן האַרץ אויפן שטערן און מיר;
אויף איר — אויף דער ערד אין איר אייביקן פריר;
אויף זיי דאָרט, אַהינטער דעם דראָט — אויף דער פרײַ,
וואָס ליגט איצט פאַרוויגט אונטער ווינטס פּײַפערײַ,
און ס׳שלאָפט אײַן אַן אַלטער און אויף ווערט אַ קינד
פון וועכטערשן רוף און געביל פון די הינט.

און ס׳איז הײַנט געבראָכן מײַן מענטשלעך געמיט
אַפילו פאַר אים — פאַר דעם וועכטער, וואָס היט
ניט מאַכן זאָל איך קיין פאַרצווייפלטן טראָט
צו אים און צום זילבער־באַשנייִקטן דראָט,
וואָס שימערט אין שײַן, און אין ווײַט דאָרט ווערט שוואַרץ, —
אויף אַלע אויף זיי טוט מיר וויי הײַנט דאָס האַרץ...

ווײַל ווער זײַנען זיי, אויב ניט איך פון אַמאָל?
אויב כ׳האָב ניט געשמידט, ניט געשמעלצט אָט דעם שטאָל, —
מיט שענסטער פון ברכות געבענטשט כ׳האָב די הענט,
וואָס האַלטן די ביקס מיר אין האַרצן געווענדט.
און ער — מײַן געבענטשטער אין שעהען פון גנאָד —
אַ קללה איצט שיקט ער אין מײַן נע־ונד.

ווי קין פֿאַרטריבן פֿון זיך און פֿון גאָט,
מיט פּנים — צו גאָט, מיטן צייכן — צום דראָט
איך טרעט אָפּ אין נאַכט און דערהער מיטאַמאָל:
אַליין האָסט געשמידט אָט דעם שטאָלענעם עול,
און אַלץ וואָס דו האָסט — האָסטו כּשר פֿאַרדינט —
די נאַכט, און די וואָר און דעם ווינט, און די הינט.
אָט זע, ווי דײַן שטערן פֿון הימל פֿאַרשווינדט, —
און כ׳האָב זיך צעוויינט אויפֿן ווינט, ווי אַ קינד...

...דורך טרערן געלײַטערט, דערווײַטערט פֿון זינד —
איך זע, ווי מײַן שטערן זיך נאָכאַמאָל צינדט.

אָבעז, 1952

## מיין נצחון

מיר ווילן אַמאָל דערלעבן
יענע גוטע שעה,
ווען כ׳וועל דיר אַן ענטפער געבן:
טײַערע, כ׳בין דאָ.

כ׳בין נאָך אויף דער ערד פאַרבליבן,
ס׳אָטעמט נאָך מײַן דיך —
אויף צו לעבן, אויף צו ליבן
אויף צו לויבן דיך.

ס׳האָט די קלעם מיך ניט צעבראָכן,
ניט געמאַכט מיך קליין,
כ׳בין אַרויס מיט אַ נצחון
איבער זיך אַליין...

כ׳האָב דאָ שוואַרצע פײַנט געטראָפן
שׂונאים — ניט פון הײַנט.
קאָפּ צו קאָפּ בין איך געשלאָפן
מיט די ערגסטע פײַנט.

און גאַנצפרי — אויפסנײַ באַגעגנט
זיי אויף יעדן קער;
ווען דו האָסט קיין אַנדער וועג ניט —
מוז דײַן וועג זײַן דער.

נאָר מיט זיי כ׳האָב ניט געטענהט —
כ׳האָב דאָס מויל געשעצט.
זייער שאָטן אויף מײַן שײַן האָט
זיך ניט אָפּגעזעצט.

כ׳האָב דאָ גוטע פֿרײַנט געאָרעמט,
אָפּט צו זיי גערעדט;
איינע האָבן מיך דערוואָרעמט,
אַנדערע — געפּלעט.

שענסטע פֿרײַנט — די קעפּ געבויגן
און דאָס האַרץ געקלעמט;
איינס די צווייטע אין די אויגן
קוקן זיך געשעמט...

זייער ווי פּלעג מיך באַצווינגען,
מיט פֿאַרפּרעסטע ציין,
אַנשטאָט וויינען פּלעג איך זינגען,
זינגען ביז געוויין.

זי מײַן לעבן האָט געלײַטערט,
זי — מײַן ריינסטע ליד;
העלף מיר, גאָט, זי זאָל אויך ווײַטער
לײַטערן ס׳געמיט.

ביז דעם לעצטן אות פֿון ווידוי,
ביז די לעצטע רייד, —
דעמאָלט וועל איך זינגען ווידער,
וויינען, נאָר פֿאַר פֿרייד.

אבעז, 1951

## אין שוואַרצן קרײַז

ביז איך וועל דורכמאַכן דעם שוואַרצן קרײַז
וועסטו, מײַן ליבסטע, ווי אַ טויב זײַן ווײַס
און אויף דײַן פּנים ווערן וועט פֿאַרטיפֿט
אַט יענער קלוגער שווידערהאַפֿטער שריפֿט,
מיט וועלכן ס'שרײַבט די צײַט אויף אונדזער זײַן
די האַרבע ווערטער: אַנדערש קאָן ניט זײַן...

נאָך דײַנע פֿרעמדלער־טרויעריקע בליקן,
און נאָך דײַן האַנט, וואָס איך וועל פּרוּוון דריקן,
און נאָך דײַן שטומען פֿאַלן צו מײַן ברוסט,
וועל איך דערקענען די, וואָס כ'האָב געוווּסט
אַמאָל, ווען לעבן האָט געהייסן: וויסן;
אַמאָל, ווען איך האָב זיך אַרײַנגעריסן,
ווי אַ פֿאַרבלענדעניש, ווי אַ געוויטער
אין אַלע דײַנע אָדערלעך און גלידער
אין אַלע דײַנע קילקייטן און שווייסן
אַמאָל, ווען לעבן ליבן האָט געהייסן...

נאָר נאָך דײַן זיך דערנענטערן פֿאַמעלעך —
אין דיר פֿון מוטערשאַפֿט דערקענען וועל איך
די פּולסטע מאָס, וואָס וועט דיך נייגן בלינד
צו אים, צום ווידערוווּקס פֿון קינדערס קינד —
געבויגן, ווי אַ ריטל אונטער ווינט...

און נאָענט זײַן כ׳וועל דיר, ווען זען וועט קיינער;
און טרייסטן וועסטו מיך, ווען זײַן כ׳וועל איינער.
און נאָר דער צער פֿון אַנווער וועט זײַן עכט
אין דײַנע רייד — דאָס אָפּגעבן גערעכט
דער צײַט, וואָס האָט דײַן קאָפּ געמאַכט מיר ווײַס,
ווי אַ געשאַנק, אַ טרייסט און אַ באַווײַז,
אַז דו האָסט מיטגעמאַכט מיט מיר דעמזעלבן קרײַז.

אַבעז, 1951



שמואל האַלקין און זײַן פרוי מאַרי, אין אַ סאַנאַטאָריע. מאַלייעווקי, 1959

## דער משפּט

איר מיינט, אויב איך בין דאָ געבונדן און געשמידט,
פֿון מישפּט מײַנעם איבער אײַך איר זײַט שוין פּטור;
פֿונדאָנען זע איך אים נאָך בולטער דעם בלאַטער,
דער מעסער — שאַרפֿער נאָך, נאָך גרויזאַמער — דער שניט.

ווי קיינמאָל אָנגעשטרענגט איז איצטער מײַן געהער,
פֿון אויג מײַנעם איר וועט זיך קיינער ניט פֿאַרבאָרגן;
און אויב דער מישפּט קומט ערשט מאָרגן, איבערמאָרגן,
שוין הײַנט באַרופֿן בין איך פֿירן דעם פֿאַרהער.

אין אַלע קנייטשעלעך פֿון אײַער מאַרך איך דרינג אַרײַן,
ניט אָפּצושלאָגן זיך פֿון מיר מיט קיין שום וואָפֿן.
פֿאַר גאָר דער וועלט דער משפּט פֿרײַ וועט זײַן און אָפֿן,
און, ניט דורך גוואַלט געצוווּנגען, איר וועט מודה זײַן,

אַז צוליב וואָכיק ברויט און יום־טובדיקן ווײַן
פֿון ברודער־לײַב פֿאַר זיך איר האָט געבראַכט אַ קרבן;
אַז אַלדאָסמענטשלעכע אין זיך איר האָט פֿאַרדאָרבן,
כּדי דעם אָפּגאָט אײַערן זאָל שמעקן פֿײַן;

ס'זאָל אײַער ווילגעזאַנג, ס'זאָל אײַער לויב־געבעט
דערגייִן צו אים און הייליקן זײַן בלוט־מזבח,
וואָס פֿונעם שטייט אין גרונט ביז איבלדיקן ריח
געדינט האָט אייער פּרעסער־זויפֿערישער זעט.

איר האָט געטאַנצט אַרום, געשריען פֿאַלש, נאָר הויך —
פֿאַר מורא אינדערשטיל אַליין מיט זיך פֿאַרבלײַבן;
אַ לעבעדיק געפֿיל, וואָס איר פֿלעגט ניט פֿאַרטרײַבן
דערקלײַבן פֿלעגט זיך פֿאַרט ניט העכער פֿונעם בויך.

דאָס האַרץ האָט איר באַגראָבן טיף אין דר׳ערד אַ מײַל,
און אין געאײל, ווי מײַז פון דאָרט זיך גלײַך צעלאָפן.
אין אָט דער שעה מיר דאָס אומגליק האָט געטראָפן:
דעם וועג צוריק אַהין איר וועט ניט טרעפן, ווײַל —

די ערד האָט אויסגעהויקערט זיך — אויף באַרג און טאָל,
און אַלץ אַרום דאָרט האָט אַזוי זיך אומגעענדערט
ביז ניט צו גלייבן, אַז איר זײַט אַמאָל געווען דאָרט,
אַז ס׳האָט אין ברוסט בײַ אײַך געקלאַפּט אַ האַרץ אַמאָל...

נאָר איך, וואָס ביז אַ צײַט איך בין געווען דערבײַ,
און מיט דערזועלבער לופט — פאַרפולט אַמאָל די לונגען, —
וועל בעטן דאָך פאַר אײַך, איר זײַט געווען געצוווּנגען,
ניט יעדערער איז אויסקלײַבן געווען פרײַ.

מע האָט אַריבער אײַך אַ באַרג פאַרהויבן — ווער
איין וואָרט אַ ווידערשפעניקס וועט נאָר לאָזן הערן —
אָט דאָ אונטערן באַרג וועט ער באַגראָבן ווערן,
אַז ניט פאַרבלײַבן וועט פון אים קיין זכר מער.

נאָר אײַך אינגאַנצן ריינוואַשן איך קאָן ניט, כ׳טאָר ניט —
ניט אויסצומײַדן אײַך דעם משפט און דעם גזר!
באַגעגנען אײַך וועט דאָרט מײַן הימלשרײַענדיער צאָרן,
באַגלייטן אײַך — מײַן שטילער, אַלצפאַרגעבנדיקער צער.

אַבעז, יאַנואַר 1953

## דער קאָפּ איז איבערפֿולט

דער כּעס דער בלוטיקער ער איז נאָך אַלץ ניט פֿול אים?
זײַן תּלין־האַק זי האָט נאָך ערגעץ־וווּ אַ גלאַנץ?
איז וויל ער איצט דורך שרעקלעכע, דורך סם־בילבולים
אײַנגאַנצן אָפּדעקן דעם פֿײַגנבלאַט דעם לאַנדס.

אַז ס׳זאָלן קיינע פֿאַרהאַנגען פֿון שטאָל און אײַזן
ניט קאָנען מער שוין אויסבאַהאַלטן פֿון דער וועלט,
ווען ס׳וועט די שלום־טויב די רויטע נעגל ווײַזן,
די שלאַנג, וואָס מיטן ווײַסן פֿליגל זי פֿאַרשטעלט.

אַ משפּט פֿאָדערט ער? ער האָט זיך שוין דערשלאָגן
דורך זייגן מאַרך און בלוט פֿון מענטשן טראָפּנווײַס —
אַליין אויף זיך זיי זאָלן פֿאַלשע עדות זאָגן
און ווײַזן נאַכט אויף טאָג, און זאָגן שוואַרץ אויף ווײַס.

ווײַל נאָר גבורים פֿון די אוראַלטע לעגענדן
זיי וואָלטן — אפֿשר אויסגעהאַלטן אָט דעם פּרווו:
ווען טאָג נאָך טאָג מע טוט אין דיר דײַן גײַסט פֿאַרלענדן,
און נאַכט נאָך נאַכט אַ קרבן ברענגט מען פֿון דײַן גוף.

פֿאַר עדות רופֿט ער אויף אויך מתים פֿון קבֿרים
און אַש באַגראָבענעם אין אַלטער קרעמל־וואַנט!..
נאָר מיט אַמאָל געליימט געוואָרן איז זײַן אָרעם
און ס׳איז די האַק אַרויסגעפֿאַלן פֿון זײַן האַנט.

יאַנואַר—מאַרץ 1953

***

און איך האָב אים געזונגען ליבּ־געזאַנגען,
זײַן נאָמען אויפגעטראָגן — ביז די שטערן,
אַזוי, אַז ווייניק־וואָס איז אָפּגעגאַנגען
צום מענטשן־מין ער זאָל שוין ניט געהערן.

און יעדער טואונג איז געווען אַ וווּנדער,
זײַן וואָרט, זײַן ווונק — אַ מופת פאַרן לאַנד;
און ווו? און ווען? — אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט!
און ווער? און ווו — צו אויסזאָגן אַ שאַנד.

אבעז, יאַנואַר—מאַרץ 1953

**
*

דאָס שוואַרצבלוט האָט פאַרפּלייצט, פאַרטרונקען אים דעם זינען...
און נאַר, ווײַל איך, ווי ער, איך בין געבויט
פון לײַב און הויט — אַ זכות אויף אים איך פּרוּוו געפינען;
און זאָל דער זכות אין דורות ווײַטערע אים דינען:
ער האָט בײַם לעבן קיינעם ניט געליבט און ניט געטרויט.
אויב ס'איז זײַן לעבן קריג — זאָל שלום זײַן זײַן טויט.

אַבעז, מאַרץ 1953

## דער ווײַסער בער

גײ פרוּוו באַשולדיקן דעם ווײַסן בער,
וואָס דו אַליין האָסט אים אין האַרץ געטראָפן:
פאַרוואָס דאָס מויל איז בײַ אים גרויזאַם אָפן
פאַרוואָס דאָס אויג איז אים מיט בלוט פאַרלאָפן,
און פונעם קאַלטן גליווערדיקן צפון
דערגרייכט די שרעק צו דיר אַהער...

דו זעסט, דער בער ער וויל זיך רעטן —
ער פרוּווט אַזוי ווי דו צווייפיסיק טרעטן
און מיט דער לאַפּע אויפהאַלטן דאָס בלוט,
וואָס רינט געדיכט אויף ווײַסער מלכותדיקער פעל,
וואָס צווישן אײַז און זון איז בלענדיק-העל...
דער בער, דער ווײַסער בער, ער ווייסט דען וואָס ער טוט —
ער רוגזט זיך אויף זיך אַליין און ס׳גיסט זײַן בלוט...

איך ווייס, דו ווילסט אַזוי ווי איך, און אפשר מער,
אַז לעבן בלײַבן זאָל דער ווײַסער בער,
ווײַל זי, די שטראָף, זי האָט קיין פאָטערלאַנד:
פון איין עק וועלט אין צווייטן זי דערלאַנגט
די שטענדיק אָפענע, די שטראָפנדיקע האַנט;
און ס׳האָט ניט איינמאָל שוין געטראָפן,
אַז פאַרן שטילן ווײַסן בער אין צפון
עס פלעגט אַ גיפטיק-שלײַכנדיקע שלאַנג
אין הייסן דרום שטראָפן...

## בײַם קרייץ

אָט שטיי איך דאָ, ווי יענער אַ געקרייצטער,
אין האַרץ פון מאָסקווע־שטאָט־לוביאַנקע צוויי:
נייַן, נייַן, אויך אים געטאָן האָט דעמאָלט וויי,
ווי איך, געווען איז ער אַן אויפגערייצטער.

נאָר ער געקאָנט האָט לענגער, טיפער לײַדן.
בײַם באַרג־־שפּיץ זײַן, נאָך שטייענדיק אין טאָל,
זײַן נעבטן, הײַנט און מאָרגן מיטאַמאָל,
און מיר — קיין רגע פּײַן ניט אויסצומײַדן.

אַ נאַקעטער איך שטיי, די הענט צעשפּרייטע.
דערבײַ אַ מענטש, ווי איך מיך אונטערזוכט:
ער קוקט אין אויג, אין מויל — צי כ׳האָב קיין שפּרוך,
אַז אַש פאַרבלײַבן זאָל פון אונדז פוןביידע.

די הויט מיר אָפּשינדן ווען ער וואָלט קענען —
אויך הינטער איר ער וואָלט אַרײַנגעקוקט;
און פּלוצים, ווי ער וואָלט צום קרייץ גענענען
ער האָט זיך פאַר מײַן נאַקעטקייט געבוקט.

און שטום, און פרעמד, מיט מיר ווי ער וואָלט אויפגעבונדן
דעם לעצטן מענטשן־בונד — ער רירט מיך אָן,
ווי אים מײַן לײַב מטמא מאַכן קאָן,
צי הייליקן מיט בלוט פון מײַנע וווּנדן...

דאָס אָנטאָן האָט ער לאַנג געטאַפּט, גענישטערט,
אַיעדן פאַלד גענומען אונטער חשד;
און איך — זײַן מעסער כ׳האָב אין אויג געהאַט,
וואָס שפּאַלטן מיר די ברוסט איז אים אַ נישט ווערט.

ס'איז דורך אַ צײַט, ס'איז מיר געוואָרן גרינגער:
כ'בין מענטשלעך־מיד געווען, דאָס האַרץ — פֿאַרשטיינט...
און פּלוצים כ'האָב צעיִאָמערט זיך, צעוויינט —
מע האָט גענומען „שטעמפּלען" מיר די פֿינגער.

כ'וואָלט בעסער זיי געטוקט אין בלײַ צעשמעלצטן...
דורך אַלע אָדערן איז מיר אַדורך אַ קעלט;
פֿאַרפֿינצטערט איז געוואָרן מיר מײַן וועלט
ביז אדמען — פֿון ייִנגסטן דור ביז עלטסטן.

ניין, ניט קיין פּערלדיקע טרערן — טײַכן
פֿון מײַנע אויגן האָבן דאַן געפּלייצט;
פֿאַרגיב מיר אומפֿאַרגלײַכלעכער — בײַם קרייץ
כ'האָב, לײַדנדיק, געפּרווּוט צו דיר זיך גלײַכן...

לוביאַנקע, 1949—1953

## אַ תּפֿילה

מײַן גאָט, קוק אַן און לייז מיך אויס פֿונדאַנען —
כ׳בין אָפּגעקומען, דאַכט, פֿאַר אַלע זינד.
כ׳וויל זען נאָך פֿרײַנד, נאָך האָלדזן פֿרוי און קינד,
און דו ביסט דאָך אַן „אל רחום וחנון״...

אין טונדרע־וויסטעניש בין איך פֿאַרטריבן,
די איבעריקע זײַנען דו ווייסט וווּ;
ווי מיך געוויס דאָרט לאָזט זיי ניט צו רו:
„וקבץ נדחנו״ שטייט געשריבן...

וואָס הייסט בײַ דיר געבונדענע באַפֿרײַען?
ניטאָ פֿאַר דיר קיין צוים, קיין ווײַט און נאָנט;
בײַ יעדער פּלאָג — דעם ערשטן דיך דערמאָנט
„ישועת ד׳ כהרף עין״...

און אויב אין רעש פֿון טאָג, אין יאָג פֿון וואָכן
מײַן תּפֿילה איז געוואָרן קירצער אַלץ,
נאָר דאָך, ווען ס׳איז אין שווערסטן יאָך מײַן האַלדז —
איין וואָרט פֿאַרבליבן איז מיר נאָך: — בטחון.

נאָר דו דאַרפֿסט דען אַ סך? דו מאָנסט דען ווערטער?
רחמנא ליבא בעי — ס׳האַרץ דו פּרעגסט,
כאָטש גוטס דו טוסט פֿון גלײַכגילט, אונטער וועגס,
און שלעכטס — ווי כ׳וואָלט אַ ברודער אָנגעקערט דיר.

לוביאַנקע, 1953

## דער בער

איך שפּאַן אַרום דאָ, ווי אַ בער אין שטײַג.
ווען שרײַען כ׳וויל — כ׳צעבײַס די צונג און שווײַג.
און ווערט דאָס שווײַגן ניט צו טראָגן מער —
אַ ברומען כ׳הער: אַ בער — זאָל זײַן אַ בער!

אויף איין פּאָר פּיס דער בער האָט זיך געשטעלט.
איין שטײַג געוואָרן איז פון גאָר דער וועלט;
פון אַלע שפּראַכן ניט געבליבן מער,
אַ חוץ, אָט דער: אַ בער — זאָל זײַן אַ בער!

אַלץ טיפער ווערט פון קאָפּ דער אָנגעבויג,
אַלץ ווילדער שפּילט דאָס פײַערל אין אויג,
דער טראָט — ווערט פּלאָטשיקער, דער קער ווערט שווער,
אַלץ טיפער כ׳הער: אַ בער — זאָל זײַן אַ בער!

נאָר איינמאָל כ׳האָב געמיינט משוגע כ׳ווער.
איך הער: דער בער ער קרעכצט, ער וויינט דער בער.
און שטיל, ניט ברומענדיק, נאָר טראָט נאָך טראָט,
דרײַ ווערטער אויסגעטראָטן: „גאָט מײַן גאָט!"...

נאָר ווען אין ברום זיך רײַסט אַרײַן אַ קול,
אַ מענטשלעך קול פון דאָרטן, פון אַמאָל —
אים, ווי אַ דיבוק כ׳טרײַב און אים פאַרשווער
ניט קומען מער... אַ בער זאָל זײַן אַ בער!

דער דיבוק זאָגט: ניט גוט, ניט רעכט אַזוי —
דו האָסט דאָך קינדער דאָרט און פרײַנד, אַ פרוי,
וואָס לײַדט באַגלײַך מיט דיר, און אפשר מער,
אַ גרויסע וועלט, אַ חוץ דער שטײַג פון בער...

איז וואָס זאָל איך אים ענטפערן דערויף?
אַז כ׳קאָן ניט אָפּרופן זיך אויף זײַן רוף?
ווײַל זייער רויק, זע איך, שלאָפט די וועלט
נאָך דעם, ווען ניט נאָר איך האָב איר פאַרפעלט.

זי פּאָפט די וועלט און טוט אַפילו זיך קיין קער:
געפעלט דיר זײַן אַ בער, דו זייַ אַ בער...
און פרוי און קינד, מיט וועלכע כ׳בין געבענטשט —
פאַר זיי, פאַר זיי, פאַר זיי — בין איך אַ מענטש...

לוביאַנקע, אויגוסט 1953

## כמעט, ווי יאוש

ס׳וועט גאָרניט געשען, און ס׳וועט גאָרנישט ניט זײַן:
דער חודש יול אין אויגוסט וועט אַרײַן,
און אויגוסט — אין סענטיאַב, ווי מײַ אין יון,
נאָר דו וועסט אַלץ בײַטאָג ניט זען די זון
בײַנאַכט — פֿאַר דיר אויף לײַכטנדיקן שטערן,
ניט זען דעם בליץ און נאָר דעם דונער הערן,
און ווי דער רעגן פּויקט אין בלעך פֿון לאַד
אַהינטער שויב, פֿאַרפּלאָנטענער אין דראָט —
אין מיט פֿון וועלט, אין האַרץ פֿון מאָסקווע־שטאָט,
ווו איך, די צײַן פֿאַרפּרעסט, בײַם פֿענצטער שטיי
און טראַכט: אָט באַלד אַראָפּגיין וועט אַ שניי...
ניט דו וועסט אויסטרעטן אין אים אַ וועג,
פֿאַרגעסן וועסט די צאָל פֿון נעכט און טעג,
די שיידונג צווישן זיי דו וועסט ניט וויסן;
חדשים וועלן זיך צוזאַמענגיסן,
ווי אויפֿן גליווער־ים געבערג פֿון אײַז
און דו וועסט דורכמאַכן אַ נײַעם קרײַז:

ס׳וועט חודש מײַ אויפֿסנײַ אַרײַן אין יון
און דו וועסט אַלץ בײַטאָג ניט זען די זון.
ביז ס׳וועט דײַן טאָג אין יענער נאַכט אַרײַן
אויף זײַן אָט דאָרט, ווו גאָרנישט וועט ניט זײַן.

לוביאַנקע, 1953

## אין פאַרצווייפלונג

I

ניטאָ קיין האָפענונג — אויף אים איז אַלץ צו גלייבן:
אָט האָט ער איצטער אונדז צונויפגעשלעפּט
פון אַלדי כּף־הקלע׳ן — ווער עס לעבט נאָך לעבט, —
און ווידער קאָן ער אונדז צעוואַרפן און צעשטויבן.

ער ווייסט דען ניט, אַז ס׳איז דער משפּט קיין גערעכטער,
אַז ס׳איז קיין ריכטער ניט געווען און ניט קיין דין;
מע האָט אַרויסגעכאַפּט די בעסטע, שענסטע זין
פון פאָלק — געבונדענע געשטעלט זיי פאַרן שעכטער.

איז קאַרג נאָך? — זיינען זיי דורך גוואַלד געווען געצוווּנגען
אַליין דעם חלף אים דערלאַנגען צו די הענט;
און אויב ס׳איז איצט אַזאַ מין שחיטה אָפּגעווענדט,
איז נאָך, מיר דאַכט זיך, ווייניק־וואָס דערפון געדרונגען.

ביים שענסטן ווילן — שווין דעם קרבן ניט צו רעטן.
דער מעסער פאָדערט לייב, ווייל דער מזבח ברענט.
און מיט זוויבערע, מיט מענטשלעך ריינע הענט
צוריק די שוועל פון שעכטהויז ניט אַריבערטרעטן.

לוביאַנקע, 1953

## אין איינצלקאַמער

II

און אויף צו להכעיס — שפּילט ערגעץ מוזיק
און פון די גראַטעס כ׳רײַס ניט אָפּ מײַן בליק;
ווי פון אַ ברונעם־טיף איך קוק אַרויף,
אַ פּיצל הימל אָפּזוכן איך פּרוּוו —
ניטאָ און ס׳פּאַלט דער קאָפּ אַראָפּ צוריק, —
און ערגעץ דאָרטן, דאָרטן שפּילט מוזיק...

אין אַלע קאַמערן איז טויט, איז שטיל,
נאָר אונטער מײַנע טריט עס קרעכצט דער דיל;
פון טיר צום פענצטער כ׳שפּאַן אַ לאַנגע צײַט,
שוין לאַנג דער טראָט מײַן מענטשלעך קול פאַרבײַט
און צו די ווענט איז צוגעוווינט מײַן בליק,
נאָר ערגעץ דאָרטן, דרויסן, שפּילט מוזיק
און ס׳טוט דאָס האַרץ זיך דורך די גראַטעס רײַסן...

ניין, קאַטעווען מע דאַרף דיך, האַלקין, שמײַסן,
אַרויסצושלאָגן דיר פון קאָפּ דעם טירוף,
דעם שיינעם חלום: אָט זיך מאַכט די טיר אויף,
און דאָרט — דער גוטער מלאך וועט זיך ווײַזן
דיך נעמען בײַ דער האַנט און זאָגן: גיי,
צעאַקער ווידער אויף דײַן פעלד און זיי

ווײַל אויסגעצײַטיקט־רײַף עס וואַרט דער זאָמען,
ווײַל צווישן זייער לעבט ביז הײַנט דײַן נאָמען,
און ניט, ווי קיין געדעכעניש, אַ קלאַנג,
וואָס אין געררויש פון טאָג ער לעבט ניט לאַנג,
נאָר ווי פון **יענעם** מענטשן דאָס געדאַנק,
וואָס האָט פאַר זיך אויף זיך דעם קרייץ געבראַכט,

און, אין די וווּנדן מענטשלעכע פֿאַרטיפֿט
ער האָט פֿאַרזען זײַן אייגן בלוט וואָס טריפֿט
און טריפֿט פֿאַר דיר, פֿאַר זיי, פֿאַר גאָר דער וועלט...
צעאַקער ווידער אויף, וועק אויף דאָס פֿעלד —
די קערנער וועלן איצט דעם באָדן רײַסן...

ניין, קאַטעוועז מע דאַרף דיר, טרוימער, שמײַסן
אַז וויסן זאָלסט: דער מלאך זאָגט אַ ליגן!
דײַן קרייץ וועט אויף אַ בוידעם ערגעץ ליגן
דורך זיי פֿאַרשעמט; דער באָדן טראָגט קיין פֿרוכט, —
דעם גוטן מלאך האָט זיך אויסגעדוכט!
ניטאָ מער קיין צוריק — פֿאַרברענט די בריק...

נאָר ערגעץ דאָרטן, דרויסן, שפּילט מוזיק
און ווידער ציט צום פֿענצטער, ווי מיט שטריק,
און ווידער לעבט, און ווידער וועבט זיך יענע בריק...

לוביאַנקע. אויגוסט 1953, אין אַ זונטיק

## אַ מאָלצײַט־ליד אין איינצל־קאַמער

לאָמיר די אורחים שטעלן צופרידן —
ווייניקלעך שׂמחות לעצטנס בײַ ייִדן,
שיטערלעך שׂמחות, טרערן געדיכטער, —
לאָמיר הײַנט שווערן — קיינער זײַן ניכטער!

אַלץ וואָס טוט ברענען, אַלץ וואָס טוט בראָטן —
הײַנט צו דערמאָנען שטרענג איז פאַרבאָטן;
גיסט אָן די בעכער, הייבט זיי אויף העכער, —
לאָמיר דערטרינקען אַלץ אינעם בעכער.

לאָמיר ניט ריידן, לאָמיר ניט טענהן
לאָמיר געדענקען דיכטער מיר זײַנען,
דיכטער בײַ ייִדן — לאָמיר דערווײַזן
זײַן אַז מיר קאָנען שטאַרקער פון אײַזן!

אַלץ, וואָס טוט ברענען און אַז. וו...

לאָמיר ניט טענהן, לאָמיר ניט ריידן —
לאָמיר זיך קיינמאָל מער שוין ניט שיידן
לאָמיר מיט אויפשטיין יענע באַערן,
וואָס צו דער אייביקייט זיי שוין געהערן.

אַלץ, וואָס טוט ברענען און אַז. וו...

לאָמיר ניט רעכנען, לאָמיר ניט ציילן —
אונדזערע וווּנדן וועט עס ניט היילן,
ס'וועט אונדזער אָנווער קלענער ניט ווערן, —
לאָמיר די שׂמחה הײַנט ניט פֿאַרשטערן.

אַלץ, וואָס טוט ברענען, אַלץ, וואָס טוט בראָטן,
הײַנט צו דערמאָנען שטרענג איז פֿאַרבאָטן
גיסט אָן די בעכער, הייבט זיי אויף העכער, —
לאָמיר דערטרינקען אַלץ אינעם בעכער...



שמואל האַלקין און יחזקאל דאָברושין אין אַ ייִדישן קאָלכאָז. 1932

## ווײַזט אויס, איך בין נאָך בלינד

ווייזט אויס, איך האָב זיך נאָך ניט אויסגעניכטערט
פון יענעם — דעם פאַרפירערישן טרוים:
דאָס פאָלק איז נאָך אַ פאָלק, און איך — זײַן דיכטער,
ווי ניט געווען וואָלט צווישן אונדז קיין צוים
פון שטעכעדיקן דראָט, פון וויסטער טונדרע
און פון אַזוינס, וואָס האָט קיין נאָמען ניט,
נאָר האָט אונדז שאַרף צעשיידט און אָפּגעזונדערט —
אויף אַלעמאָל געבונדן מיר די טריט...

ווײַל ניט דערוואָרבן שוין, ווײַל ניט דערגרייכן,
ווײַל ניט צו אויפלעבן שוין מער רעם שווונג
אין דעם, וואָס לעבט אונטערן שוואַרצן צייכן
און ס׳הענגט זײַן גורל אָפּ פון עמיצס ווונק,
וואָס שפּירט אים נאָך אויף אַלע זײַנע וועגן,
אויך דאָ, אין אָפּגרונט פינצטערן... און דאָך —
איך הייב דעם קאָפּ נאָך אויף דעם טאָג אַנטקעגן,
און ס׳טרעפט בײַנאַכט איך שלעפער אײַן מײַן בראָך
און כ׳זע: דאָס פאָלק זיך פרייט נאָך מיט זײַן דיכטער,
און צו זײַן ברוסט זיך טוליען פרוי און קינד...
ניין, ניין — איך האָב זיך נאָך ניט אויסגעניכטערט,
איך בין נאָך אַלץ, ווי אַלע בלינדע בלינד...

אינטאַ, 1954

## איך וואַרט אַן אויסלייזונג

פאַרשיקט זיי האָבן מיך אין לאַנד פון קאָמי —
אויף ווײַסן שניי כ׳זאָל זען מײַן שוואַרצן סוף,
און דאָך — איך וואַרט אויף זיי ניט קיין נקמה,
פון זייער האַנט אַן אויסלייזונג איך האָף.

און זייער האַרץ־פאַשטאָפּטקייט פרוּוו איך וועקן
אַ פּונק געראַכטיקייט, פון גוטס אַ פּונק,
און כ׳זאָג: ניט איר, ס׳איז שולדיק אײַער שטעקן —
דער שליח אײַערער — דער הפקר־יונג,

וואָס האָט אַ צײַט מיך גאַנצע נעכט געפּײַניקט,
און טעג — געשטורמעוועט מײַן מענטשן־שטאָלץ,
וואָס האָט פון פּײַן מײַנער געשעפּט נאָר תּענוג
וואָס ערגעץ האָט באַקומען שוואַרץ געצאָלטס.

פאַר אויפטרייסלען דעם בוים פון צווײַג ביז וואָרצל —
די בליִונג זאָל ניט טראָגן מער קיין פּרוכט;
כ׳האָב ניט געגלייבט, אין דעם זײַן אײַער וואָרט זאָל,
כאָטש כ׳בין זיך מודה: אָפּט האָט מיר געדוכט.

דעריבער כ׳רוף צו אײַך און מאָן און פאָדער:
די ווערעם פון די צווײַגן טרייסלט אָפּ, —
דער בוים איז נאָך אַ בוים, נאָך פעסט זײַן אָדער,
דער גרונט געזונט, געבענטשט קאָן זײַן זײַן גאָב...

נאָר קיינער ענטפֿערט ניט — אין מידבר וויסטן
מײַן רוף ער בלײַבט נאָר אַלץ אַן ווידערקלאַנג ;
און ס׳טרעפֿט, מײַן קאָפּ זיך נייגט צו מײַן געוויסן
און זאָגט : אַז אויב ס׳וועט ווײַטער גיין דער אַלטער גאַנג...
— — — — — — — — —
ניין, ניין. איך וויל ניט, אַז צעשטערט זאָל ווערן
דער גאַנג דורך פֿײַנטלעכע, דורך פֿרעמדע הענט,
אַז פֿון די טורעמס פֿאַלן זאָלן שטערן
און חורבן פֿון די אַלטע קרעמל־ווענט...

אויף אַ פֿאַרמשפּטער אין לאַנד פֿון קאָמי
אויף ווײַסן שניי צו זען מײַן שוואַרצן סוף
דערלעבן וויל איך ניט אַזאַ נקמה, —
צו גרויס מײַן בראָך וואָלט זײַן, צו האַרב — די שטראָף.

אינטאַ, 1954

## אין אַ שווערן טאָג

I

כ׳בין מיד. כ׳שליס אויס די אויגן —
די שײַן איז מיר צו שווער.
די זון, דעם רעגנבויגן
איך קאָן ניט אָנזען מער.

און גוט וואָס אויך די שטערן
די סטעליע מיר פֿאַרשטעלט,
ווײַל אויך די שטערן שטערן
מיר אָנקוקן די וועלט.

ס׳האָט זיך מײַן וועלט צעשפּאָלטן
אויף טויזנט שפּיגל־שטיק:
וואָס נעכטן האָט געגאָלטן —
ניט אומקערן צוריק.

ניט אויפלעבן, וואָס נעכטן
געוואָרן איז געקרייצט;
פֿון הייליקטום פֿאַרשוועכטן —
זיך אָפּגעטאָן דער רייץ.

פֿון אַלע שענסטע טרוימען
איז ערדיש ליב מיר איצט:
דער וואָכנדיקער קוימען,
די נחתדיקע היץ,

וואָס גלײַך אין אַלע גלידער
צעגיסט זיך איר גענאָד.
און דו, און אַל די לידער...
ווי ווייניק דאָס איז, גאָט!

נאָר ווער וועט הײַנט דערקלערן
וואָס ווייניק הייסט, וואָס — מער?
אין אָט דעם טאָג דעם שווערן
גיי פּרוּוו די מאָס דערקלער.

און, דאַכט, ס'איז דאָ אַ סדר —
אַ העכערער גערעאַנק,
וואָס שטענדיק ווײַזן זיי דיר
אין צײַט דײַן אָרט, דײַן גאַנג.

נאָר ס'טרעפט — ס'זאָל גאָר ניט טרעפן, —
דער סדר ווערט צעשטערט:
די ערד פאָר דיר זיך עפנט,
דער הימל פאַלט אויף דר'ערד.

1951

II

כ׳בין אַוועק זיך לערנען בײַ דער בלאַט פון בוים
און דערזען אַ וואָרעם — צו באַמערקן קוים.
איין זאַך אונטערשיידט אַט דעם וואָרעם פון דער בלאַט:
גרין און זיידנהאַריק, און די בלאַט איז גלאַט.
אויב דו ביסט אַט יענער, וואָס האָט זיי דערנענט —
לויב צו דיר, באַשעפער, איך האָב דיך דערקענט.

ווי אַמאָל אין עדן, ווען ס׳האָט אַלץ באַגינט,
בײַ דעם בוים פון וויסן, נאָך דער ערשטער זינד...
מיטן שווייס פון פּנים עסן זאָל איך ברויט
איז געווען דײַן קללה, שווער זאָל זײַן מײַן טויט.
נאָר געוואָלט האָסט שילטן, און האָסט מיך געבענטשט —
דאָס זאָג איך דיר, שעפער, דאָס זאָג איך — דער מענטש.
אַדמען געדענקסטו? — דאָס בין איך, דערקענסט?
אים האָסטו פאַרטריבן, מיך אַמאָל דערנענסט,
ווי צום בלאַט דעם וואָרעם... בעט איך דיך און מאָן:
לערן כאָטש דעם וואָרעם, ווײַז אים וואָס צו טאָן.

אויב ער מוז צעפרעסן ס׳בלעטל, ווו ער זיצט, —
זאָל ער כאָטש ניט שעלטן דעם, וואָס אים באַשיצט.
ענג אים צווישן ביידע, ענגער נאָך איז אָן
נאָכן וואָרעם לערן מיך, וואָס איך זאָל טאָן.
כ׳האָב אַן אַנדער אויסזען, נאָר דעמזעלבן וועג.
יאָג איך אין די באַנען, פלי איך אינדערהויך
און צוריק טו שפּאַנען שיר ניט אויפן בויך.

פאַרבײַ בוים פון וויסן, נאָך דער לעצטער זינד
צו דעם בוים פון לעבן, וואָס אַלץ גרינט און גרינט...

III

ווי גוט, וואָס פון געבוירן אָן און ביז נאָכן שטאַרבן
דער מאַרך פאַרשלאָסן לעבט זיך אין אַ ביינעריקן שאַרבן
און ס׳גראָבט דער מאַרך זיך וועגן, אומוועגן, און אַלץ — פאַרבאָרגן;
דעם קרומסטן קנייטש זײַנעם ניט אויפקלערן אין קיינע מאָרגן.
און אויב מע וועט אַפילו אים צעשיידן מיט זײַן שייד —
וועט ער אַלצאיינס פאַרבלײַבן ווי אַ חלום אָן באַשייד
ווי גוט, וואָס איך וועל ענטפערן ניט קאָנען און ניט דאַרפן —
אַ צווייטן, דריטן דור מע וואָלט עס אפשר גאָר אין פּנים וואַרפן...

נאָר סײַדן פרעגן מיך דער, וואָס שטערנט אויס די נעכט
און לײַכט אַליין בייטאָג — כ׳וועל זאָגן אים: איך בין געווען גערעכט.
כ׳האָב ניט אומזיסט געטרונקען וואַסער און געשלונגען לופט
איך האָב, מײַן האַר, דײַן ברודנע ערד זיך לײַטערן געפּרוּווט.
מיט מאַרך און בלוט מײַנעם... נאָר איינס האָסטו געטאָן ניט גוט —
וואָס ניט דערקלערט האָסטו: וואָס ריינקייט הייסט אין וואָס הייסט ברוד.

## אַלטע ווערטער

אַלטע, אָפּגעלעבטע ווערטער,
כּישוף, גורל און באַשערטע,
רוף אָן: מלאך — וועט מען לאַכן,
לאַכן פון די אַלע זאַכן.

נאָר אויב ווילסט דעם אמת וויסן —
וועט אַמאָל אונדז שטאַרק פאַרדריסן,
וואָס מיר האָבן אין די יאָרן
זייער חן און מיין פאַרלאָרן.

טרעפט אַמאָל — אין רייד פאַרפּעלט אונדז
גראָד דאָס וואָרט, דאָס וואָרט דאָס זעלטנס,
וואָס עס שטייט זיך פונדערווייַטן,
קוקט אַלץ: ווער וועט אים פאַרבייַטן.

און פאַרנעמען נעמט דאָס וואָרט
ווייניק צייַט און ווייניק אָרט.

אָט, למשל, לאָמיר נעמען
אָט אַזעלכע אַלטע נעמען:
גאָט, און גנאָד, און גליק, און זייַן...
וואָס־זשע קאָן נאָך גרינגער זייַן?
אין איין שורה אויסגעשטעלט
גאָר דאָס בעסטע אויף דער וועלט, —
גאָר דאָס שענסטע, וואָס אונדז פעלט.

1954

**
*

כ׳וואָלט זייער, זייער ניט געוואָלט אַליין זיך נאַרן.
אין אייגענע, אין ענגע איילן פיר — זיך ניט פאַרשפּאַרן,
און נאָך מער — אין דער גרויסער פריינטשאַפט — ניט צו פעלשן, —
ס׳זאָל קיינער טראַכטן, אַז איך טראָג אַן אַנדער פעל שוין;
אַז ס׳האָט די ליבע זון, דאָס גרינס, דאָס גאַנצע רומל
פון פריידן קליינלעכע און גרויסן האַרץ־געטומל
פאַרשטעלט פון מיר, צי אָפּגערוקט, געמאַכט פאַרגעסן
(אַנטשולדיקט מיר, וואָס כ׳זאָג ניט ווי און ווער און וועמען
ס׳וואָלט אייך ניט גרינגער זיין, דערהערנדיק די נעמען)
נאָר וועמען, זאָג, וועט אונדזער אַנוועער בלוטיק אַרן?
כ׳וואָלט זייער, זייער ניט געוואָלט אַליין זיך נאַרן...

ווייל איינדעראַמתן, אויב טיפער זיך אַ גראָב טאָן,
און אויב מיט זיך אַליין אַזאַ מין שפּיצל אָפּטאָן:
דערציילן אַלץ, כאָטש אינדערשטיל, גאָר ניט פאַרבאָרגן
קיין וואָרט, קיין אות, וואָס דו קלערסט איבער אין פרימאָרגן
דערוואַכנדיק ביי זיך, אויף קלאָרן איבערבעט, —
פאַר יעטווידער געדאַנק וואָלסט קלאַפּן זיך „על חטא״
ס׳וואָלט יעדער רגע רו געווען פאַר דיר אַ שטראָף,
אויב דו ווילסט ערלעך זיין מיט זיך און ביזן סוף;
אויך דיין פאַרענטפערן זיך וואָלט געווען אומזיסט,
ווייל גלייך, ווי אַלע מענטשן זינדיקע דו ביסט,
און אַלע שוואַכקייטן זיי זיינען דיר ניט פרעמד, —
צום לייב, ווי זאָגט מען, נענטער איז דאָס אייגן העמד...
יאָ, יאָ, מיט דיין געוויסן זאָלסטו זיך ניט שפּאַרן,
אויב נאָר ניט מיט קיין ווערטער שפּילסט,
און אויב נאָר מיט אַן אמת ווילסט
כאָטש זיך אַליין ניט נאַרן...

1955

## ווען ביטער ווערט דער וויַין

און איך — נאָך אַלדאָס בייז אַן אויסגעהיטער,
אין אַלע ביטערנישן אַ געניטער;
אין האַרץ — אין איבערפולטן כּוס — די וויַינען
פון וויַינגערטנער פאַרשיידענע זיי זייַנען.

ווי גוט, וואָס ניט פאַרראַטן האָט מיַין גוסט:
פון יעדער וויַין די אָפּשטאַמונג געוווּסט,
וואָס, פּרוּווּנדיק, איך האָב זיי ניט פאַרביטן,
וואָס אויך מיַין וויַנגאָרטן איז דאָ אינמיטן.

און ווייל פאַרזיגלט זייַנען פעסט די פעסער,
וואָלט שטאַרקער ווערן נאָך דער וויַין און בעסער,
זיַין ריַיכער ריחות־בונד וואָלט זיך פאַרהיט,
נאָר זיי, נאָר זיי — די פלאַנצער קומען ניט.

און וויפל כ׳זאָל ניט מאָנען און ניט פרעגן:
ווּ זייַנען זיי געוועגדט, צו וועלכע וועגן
צי וועלן זיי אַמאָל צוריק זיך קערן
קיין ענטפער קיינער, קיינער לאָזט ניט הערן...

און שפּעטער — ווער וועלן די טרעטער זיַין?
און וויַיטער — ליַיטערן ווער וועט דעם וויַין?
און ווער וועט אָנפילן דעם כּוס לחיים? —
די פלאַנצער זייַנען דאָך ניטאָ עד־היום!

און איך — נאָך אַלדאָס בייז אַן אויסגעהיטער,
אין אַלע ביטערנישן אַ געניטער,
איך איינער פון די פלאַנצער און די שניטער, —
איך זאָג: אַז סם וואָלט ווערן אײַער וויַין
אין אים איין טראָפּן ווען איר טוט אַרײַן
פון אונדזער ווײַן, ווען ער ווערט ביטער.

1955

## דער פאַרשעמטער זאַנג

דאַכט זיך, גאָרניט. וואָס — אַ רעגן.
וואָס־זשע דאַרף מען זיך דאָ רעגן?
ס׳איז ביז האַרבסט נאָך ווײַט;
וואָס ביסטו דעם וועג פאַרלאָפן
ס׳ציט די כמאַרע ניט פון צפון
נאָר פון דרום־זײַט.

ס׳גייט דער רעגן מיט אַ ליאַרעם —
זײַן זאָל זוניק, זײַן זאָל וואַרעם
בלענדיק און צעגרינט;
וואָס־זשע ביסטו אויפגערודערט?
רוסט זיך אָפּ הײַנט — רויִק רו דיר
האָסט דײַן רו פאַרדינט.

אָט אַזוי צו זיך איך טענה...
גאָר מײַן לעבן הערט זיך איינעט
אינעם רעגן־שלאָקס;
חוץ דער ליכטיקייט פון זאַנגען,
אַלץ פון רעגן איז פאַרגאַנגען,
און מײַן רעגונג וואַקסט,

גלײַך איך וואָלט אַליין געשטאַנען
אויפן פעלד ניט ווײַט פון דאַנען,
ווי אַ זאַנג בײַם שניט:

אַלע קערנער אויסגעטראָגן
פון קיין האָגל ניט צעשלאָגן —
אַלץ צום שניט פאַרהיט, —

און דער שניטער אײַלט זיך ניט...

גלײַך ער וויל זײַן ווּקס פאַרשעמען,
גלײַך זײַן גאָב ער וויל ניט נעמען,
ווי זײַן ברויט וואָלט זײַן:
ניט צום זעט און ניט צום פרידן,
נאָר ווי קריג אין די געבליטן
וואָלט דורך אים אַרײַן.

ווי אַ קללה וואָלט געלעגן
אין אָט יענעם טראָפּן רעגן,
וואָס האָט אים דערפרישט;
ווי זײַן גרונט וואָלט ניט די ערד זײַן
אויך זײַן שטרוי, ווי ס'וואָלט ניט ווערט זײַן
זײַן אין שפּײַז געמישט...

ווי־זשע קאָן איך זײַן הײַנט זיכער,
אַז אין אָט דעם רעגן־וויכער,
וואָס דאָס פעלד פאַרגיסט
איז ניטאָ אָט יענער טראָפּן,
וואָס איז אויפן פעלד אַראָפּ און —
האָט דעם זאַנג פאַרוויסט.

1955

***

עמורה און סדום — צוויי פאַרזינדיקטע שטעט —
מיט פעך און מיט שוועבל האָט גאָט זיי פאַרדאַרבן,
נאָר ס׳האָט זיך אַן אייביקן אָנדענק דערוואָרבן
דאָס בייז פון זייביידע — די סדומישע בעט.

ווער זאָגט, אַז נאָר דאָרט, בײַם געזאַלצענעם ים,
בײַם ים בײַ דעם טויטן פלעג אײַנשטיין דאָס בעטל?
כ׳ווייס בעטלער אַזעלכע אַ לענגערן צעטל,
פראָקרוסטאוו־געלעגער — דאָסזעלבע מסתּם.

און וואָס דאָס באַטייט איז קיין סוד ניט פאַר אײַך:
דער מענטש מוז זײַן גלײַך צו דער מאָס פון געלעגער,
אויף אים צו פאַרקירצן, ווען ער איז נאָר לענגער,
צו קורץ אויב ער איז — מיט דער בעט מאַכן גלײַך...

צי דאָס איז געווען דאָרט אַ שטראָפונג, אַ גזר
אויף דעם, וואָס ער פלעג פאַר זײַן גלײַכן זיך קלעמען,
צי דאָס איז פון גלײַכהייט דאָס קרומע באַנעמען, —
איך ווייס ניט, און איך בין ניט ערב דערפאַר.

אין פעך־און אין שוועבלנעם פײַער־צעגאָס
די רצחישע בעט איז געוואָרן צעשמאָלצן,
און זי וואָלט מער קיינמאָל ניט קאָנען געמאָלט זײַן,
קיין זכר וואָלט בלײַבן פון סדומישער מאָס, —

ווען ניט דאָס טײַוולאָנישע, בייזע געדאַכט
פון מענטשלעכן זין — ניט געדאַכט זאָל ער ווערן!
ביז הײַנט נאָך מיר זעען, ביז הײַנט נאָך מיר הערן
די אוראַלטע בעט אויף דער וועלט איז געבראַכט.

די ווײַטקייט פון אָרט און די פרעמדקייט פון צײַט
האָט בײַטנדיק אַלץ נאָך ווי גאָרניט געענדערט,
די סדומישע בעט — איר געביין איז פאַרברענט דאָרט,
נאָר גאַנץ פונעם פלאַם איז אַרויס איר באַטײַט.

1952

## דאָראָזשענקאַ

יעסט׳ דאָראָזשענקאַ אָדנאַ —
אָט פּאָראָגאַ דאָ אָקנאַ
אָט אָקנאַ אי דאָ פּאָראָגאַ
וואָט אי וסיאָ מאָיאַ דאָראָגאַ.

יאַ פּאָ ניעי כאָזשו, כאָזשו
יעי פּראָ גאָריע ראַסקאָזשו,
ראַסקאָזשו פּראָ וסיע טרעוואָגי
טאָי דאָראָזשענקע־דאָראָגע.

יעסט׳ דאָראָזשענקאַ אָדנאַ
ניע קאָראָטקאַ, ניע דלינּנאַ,
נאָ פּאָ ניעי כאָדילאָ מנאָגאָ
אי פּעטשאָלנאַ טאַ דאָראָגאַ.

יאַ טיעפּער׳ פּאָ ניעי כאָזשו
ניעאָטריוונאַ וודאָל׳ גליאַזשו.
טשטאָזש יאַ וויזשו טאָם וודאָלי:
ניעט ני ניעבאַ, ני זיעמלי.

יעסט׳ דאָראָזשענקאַ אָדנאַ
אָט פּאָראָגאַ דאָ אָקנאַ
אָט אָקנאַ אי דאָ פּאָראָגאַ —
וואָט אי וסיאָ מאָיאַ דאָראָגאַ.

1949

## אַ שטעגל

פֿאַראַן אַ שטעגעלע, אַ שטעג אַזאַ —
פֿונעם שוועל ביזן פֿענצטער,
פֿונעם פֿענצטער ביז דער שוועל,
אַזאַ איז ער מײַן שטעגל־וועג.

איבער אים גיי איך און גיי
וועגן פֿײַנען אים איך דערצייל,
וועגן גרויל׳ן אים איך פֿאַרטרוי
אָט דעם שטעגל, שטעגל־וועג.

פֿאַראַן אַ שטעגעלע, אַ שטעג אַזאַ —
ניט קיין קורצס און ניט קיין לאַנגס,
איבער אים געגאַנגען זענען פֿיל,
אומעטיק־וויסט דאָס שטעגעלע איז.

גיי איך אַצינד איבער אים
איך קוק און קוק צו דער ווײַט.
וואָס זשע זע איך אין אָט דער ווײַט?
ניט קיין הימל, ניט קיין ערד.

פֿאַראַן אַ שטעגעלע, אַ שטעג אַזאַ —
פֿונעם שוועל ביזן פֿענצטער,
פֿונעם פֿענצטער ביז דער שוועל,
אַזאַ איז ער מײַן שטעגל־וועג.

---

דער ייִדיש־נוסח פֿון די אין רוסיש געשריבענע לידער איז פֿון:
י. צ. ש., נ. ל. און א. פּ.

## פּלאַטאָטשעק

פּראָסטאָי פּלאַטאָטשעק, קאַזשעטסיאַ — אי שטאָזש?
אַ וודרוג פּאָוועיאַלאָ טאַקים זנאַקאָמים,
טשטאָ סערדצע זאַמערלאָ, פּאָ טעלו — דראָזש
פּראָשלאַ, אי דאָראָגים זאַפּאַכלאָ — דאָמאָם:

רוקאָי, טשטאָ ניע קאַסאַלסיאַ יאַ דאַוונאָ,
די׳כאַניעם, טשטאָ דאַוונאָ ניע אָבזשיגאַלאָ,
אוגלאַמי דאָמאַ, גדיע מעניאַ ניע סטאַלאָ,
וסיעם סטשאַסטיעם, טשטאָ בילאָ מניע דאַנאָ.

סטאָיו, סמאַטריו, וודיכאַיו — סאַם ניע סוואָי.
טאַקאָי אָן טאָניענקי און ניעוועסאָמי;
טוואָים זשיווים דיכאַניעם ניעסאַמי
סדאַיאָטסיאַ מניע, טשאָ אָן אי סאַם זשיוואָי.

קאַק גאָלוב סיזי מאַשיט אָן קרילאָם —
יעמו פּאָ־צוועטו און פּאָ נראַווו ראַווני,
דאַ אי ס׳קאַיאָמאָטשקאָי טאַקאָי זאַבאַוונאָי,
טשטאָ אָטאָרוואַטסיאַ אָט ניעיאָ ס׳טרודאָם.

נאָ פּוסט׳ ניע גאָלוב סיזי, ניע קרילאָ
אַ טאָל׳קאָ פּיאָרישקאָ ס׳גניעזראַ ראָדנאָהאָ
מניע אוטעשעניאַ ניע נאַדאָבנאָ אינאָהאָ
קאָגדאַ נאַ סיערדצע סטאַניעט טיאַזשעלאָ.

1949

## דאָס טיכעלע

דאַכט זיך אַ טיכעלע אַ פּשוטס — איז וואָס?
אַ ווייע געטאָן עס האָט אָבער מיט אַזויפיל היימישס
אַז שטיין געבליבן איז ס'האַרץ, דער גוף ט'זיך צעציטערט
און עס האָט פאַרשמעקט מיט ליבער היים. —

מיט אַ האַנט וואָס לאַנג שוין ניט באַרירט,
מיט אַן אָטעם וואָס לאַנג שוין ניט געאָטעמט,
מיט ברעקלער היים וואָס לאַנג שוין אויסער מיר,
פון אַ גליק וואָס געווען איז מיר באַשערט.

איך שטיי. איך קוק, איך אָטעם — כ'בין שוין ניט איך.
אַזוי ליכטיק איז, אַזוי דורכזיכטיק, נאָר ניט ממש,
עס טראָגט מיט זיך דײַן לעבעדיקן אָטעם
אַזש מיר דאַכט: אַז דאָס אַליין לעבט.

דו שוועבסט ווי אַ מילדע טויב, פאָכעסט מיט די פליגל,
אין פאַרב און אין ווען צו איר ביסטו ענלער,
אויך דאָס קנייטשעלע, דאָס שפּילעוודיקע אין עיגול,
אַרויסצורײַסן זיך פון אים איז ניט מעגלעך.

ניט קיין טויב קיין מילדע, ניט קיין פליגל,
ווען כאָטש אַ פעדערל פון נעסט פון אייגענער,
קיין אַנדער טרייסט איך דאַרף ניט מער
ווען אויפן האַרצן ווערט מיר אַזוי ביטער, אַזוי שווער.

***

דרוזיאַ מאָיִ זשיווּטשיע נאַ וואָליע,
יאַ וויזשוּ וואַס וואָ־סניע אי נאַ יאַווּ,
קאָגדאַ־זש דושאַ סזשימאַיעטסיאַ אָט באָלי,
זשענאַ, טעביאַ, אָדנו טיעביאַ זאָווּ.

פּראָכאָדיש טי ניעזורימאַיאַ, סוויאַטאַיאַ,
ס׳קוואָז׳ טאָלשטשו סטען — טעבע פּרעגראַדי ניעט;
דאָזאַר סוראָווי, דווערי אָכראַניאַיאַ,
אָן ניע זאַמעטיט טוואָי וואָלשעבני סליעד.

וואָט טי וואָשלאָ... אָקינוּוו דאָלגים ווזגליאַדאָם
צעמענטני פּאָל, רעשאָטקו זאַ אָקנאָם
טי, זאַטאַיעוו סליעזו, סאַדישסיאַ ריאַדאָם,
גאָטאָוואַיאַ פּאָוועדאַט׳ מניע אָ טאָם,

טשטאָ בעז מעניאַ אי סאָלנצע טוסקלאָ סוועטיט,
טשטאָ ווטיאַגאָסט׳ דיען, קאַק וועטשנאָסט׳ דליטסיאַ נאָטש,
זאַטאָ ניקטאָ, ניקטאָ אוזש ניע זאַמעטיט
טיעבע קאַק טרודנאָ גאָריע פּרעוואָזמאָטש.

אי טי טווערדיש: ניע נאַדאַ פּלאַקאַט׳, מילי:
דאַי רוקי מניע, טי קרעפּקים, סטאָיקים בוד׳
דאַי רוקי מניע — און נאַס דאָסטאַניעט סילי,
טשטאָב עטאָ מאָריע בעד פּערעשאַגנוט׳.

פּערעד טאָבאָי אָטקראָיוטסיאַ וואָראָטאַ,
אי אוליבניאָטסיא זשיזן טעבע אָפּיאָט׳
אי סאָלנצע בודיעט זשדאַט או פּאָוואָראָטאַ
אַ דאָמאַ — יאַ ווטרעוואָגע בודו זשדאַט׳.

*****

פֿרײַנד מײַנע, איר װאָס אױף דער פֿרײַ,
איך זע אײַך אין חלום און אױף דער װאָר,
נאָר װען עס װערט די נשמה פֿאַרקלעמט פֿון װײ
בלױז דיך אַלײן, מײַן פֿרױ, נאָר דיך איך זע.

אַ הײליקע, אַן אינה־נראהדיקע דו גײסט פֿאַרבײַ
די דיקע װענט. קײן פֿאַרשפּאַר ניטאָ פֿאַר דיר.
דער שומר גרױזיקער, היטנדיק די טירן,
דערזעט ניט דײַנע כּישופֿדיקע טריט.

ביסט אַרײַן. אַרומגעכאַפּט מיט בליק מיט לאַנגן
דעם צעמענטענעם דיל, די קראַטעס איבער פֿענצטער,
די טרער האָסט באַהאַלטן, געזעצט זיך נעבן מיר,
אַ גרײטע צו דערצײלן מיר, אַז —

אַז מיר פֿאַרטונקלט װערט די זון,
דער טאָג אַ לאַסט איז, די נאַכט — אַן אײביקײט
און קײנער װײסט ניט, קײנער ניט,
װי שװער דיר איז דאָס אַלץ איבערטראָגן.

דו פֿאַרזיכערסט מיר: ניט װײן, מײַן טײַערער,
דײַנע הענט מיר גיב. זײַ שטאַרק, מוטיק זײַ.
גיב די האַנט מיר. מיר װעלן האָבן גענוג כּוח
דעם ים פֿון לײַדן אַריבערצושפּאַנען.

עס װעלן זיך עפֿענען פֿאַר דיר די טױערן,
דאָס לעבן װעט װידער צו דיר שמײכלען,
די זון װעט דיך אָפּװאַרטן בײַם צעשײד פֿון װעגן
און מיט אומרו אין דער הײם א י ך װעל אױף דיר װאַרטן.

וודרוג ווזגליאַד וו וואָלטשאָק — אי אושלאַ, אופּלילאַ.
יאַ וונאָוו אָדין — סידי אי טשודאַ זשדי.
נאַ טי בילאַ, מעניאַ בלאַגאָסלאַווילאַ
נאַ פּאָדוויג און נאַ ראַדאָסט׳ ווּפּערעדי.

בלאַגאַדאַריו טיעביאַ, מאָיאַ פּאָדרוגאַ
בלאַגאַדאַריו זאַ ווערנאָסט׳, זאַ ליובאָוו׳
טי ווטשאַס טיאַזשאָלי מאָיעוואָ ניעדוגאַ
פּרישלאַ אי ק׳זשיזני יאַ ווערנולסיאַ וונאָוו׳.

1949

מיטאַמאָל, אַ בליק אַרײַן אין „אייגל״ — און... ניטאָ מער.
ווידער בין איך אַליין. כ׳זיץ און וואַרט אויף אַ נס.
איך ווייס אָבער דו ביסט געווען, מיך געבענטשט און געווונטשן
פרייד און מוטיקייט אין דער צוקונפט.

דאַנק איך דיר מײַן פרײַנדין. כ׳דאַנק.
איך דאַנק דיר פֿאַר דײַן טרײַקייט, דײַן ליבע,
אין שווערע שעהען פון מײַן געפאַלנקייט ביסט געקומען
און צום לעבן מיך געוועקט.

# סקוראַטאָוו־בעריאַ

ווי ניע גליאַדיטיע נאַ מעניאַ
קאָגדאַ ברעדי בעדאָי פּאָדקאָשען,
קאָגדאַ איז וועטשנאָהאָ אָגניאַ
וואָ ט׳מו קראָמעשנויו יאַ בראָשען.

קאָגדאַ וועס מיר, ווינטשאַני מנאָי,
נאַ־גאָריע מניע ראַזווינטשאַן מנאָיו
קאָגדאַ זוויעזדו זאָוווּ ווּפּיערוואָי
ניעפּוטיעוואָדנאָיו זוועזדאָיו.

קאַקאָיאַ באָל׳, קאַקקאָי ראַזלאַד,
טשטאָ באָל׳שע ניעטו סיל־סצעפּלעניאַ
אי ניעקודאַ מניע בראָסיט ווזגליאַד,
ניע אוקאַזאַוו נאַ פּרעסטופּלעניע.

מאָיאַ, יעהאָ — ניע ווסיאָל׳ ראַוונאָ ?
מי וו׳עטאָם דיעליע ווסיע פּאָווינני.
מי גאָריע פּיאָם, אוּווידים דנאָ
אי ניע איסקופּים פּאָלאָוויני.

ביל פּאָכוואַלאמי פּאָלאָן ראַט,
אַ איסטיני סקאַזאַט׳ ניע סמעיאַ,
זאַקריוו גלאַזאַ, מי שלי ווּפּעריאָד
אָט סלאָוו וואָסטאָרזשענניך ניעמעיאַ.

פּאָקודאַ ניע סאָמקנולסיאַ קרוג,
אָטקודאַ וויכאָדאַ ניע סיסטשעם,
גדיע וודרוג אוּווידיעל דרוגאַ — דרוג
ס׳דושאָי אָבקראַדיענאָי אי נישטשים.

## סקוראַטאָוו — בעריאַ

קוקט ניט אויף מיר
בעת פון צרות כ׳בין אונטערגעשניטן,
ווען אין פײַער אייביקן
אין חשכות אַרײַנגעמיטן.

בעת די וועלט — פון מיר אַזוי שירהדיק באקרוינט —
האָט מיט פּײַן און לײַד מיך באַלוינט,
און איך, דאָס ערשטע מאָל, ווי
צום ניט־וועגווײַזנדיקן שטערן זיך ווענד.

סאָראַ ווייטיק, סאָראַ שאַנד,
ניטאָ קיין כּוח מער זיך צו דערהאַלטן.
ניטאָ ווּהין צו וואַרפן אַ בליק
ווּ דאָס פאַרברעך ניט צו זען.

מײַנס. יענעמס. — איז דען ניט אַלצאיינס ?
שולדיק אין דעם זענען מיר אַלע.
לײַדן מיר. זענען מיר אויפן דנאָ
און קאָנען מיט גאָרניט־ניט זיך אויסקויפן.

מיט לויבערײַען פול געווען זענען מיר אַלע,
ניט געוואָגט, ניט דעם מוט געהאַט צו זאָגן דעם אמת.
מיר זענען געגאַנגען פאָרויס מיט פאַרמאַכטע אויגן,
מיט רייד פול התפּעלות איבערגעזעטיקט.

ביז דער קרייז האָט זיך געשלאָסן
און ניט געווען איז קיין אויסוועג מער,
ביז אַ פרײַנד האָט אַ פרײַנד באַגעגנט
אָן נשמהס, אויסגעהוילטע.

ביל טשעלאָוועק, נאָ אָן אָגלאַר
ק׳טרעפּעשטשושטשעי דושע נאַראָדנאַי
טשעי סטאָן שטשיטאַלסיאָ קאַק פּאַדוואַר
קיוואַק — קאַק סגאָוואַר פּרעאיספּאַדני.

ניעווינני ווזגליאַד, ספּלעטעניע סלאָוו,
וואָזשדיו גדיע ניע וואָסקוריען לאַדאָן,
קאַק ראַזרושעניע וסיעך אָסנאָוו
יעהאָ סודילישטשים ראַזגאַדאָן.

אי ביל אוביט, איל׳ זאַקליעמיאָן
סוליוושי מירו דאַלי לוטשעי,
טשעם מיר, גדיע לוטשי זאַקליוטשאָן
זאָ פּראָוואַלאַקאַי זאָ קאַליוטשעי.

אָ כאַר פּיעווצאָוו, דאַביוושי טשעסט׳
איל׳ סאָוועסטישקו גלובזשע ספּריאַטאָוו,
פּאַיוט כוואַלו טאָמו, קטאָ יעסט׳
נאַמי וועלמאַזשנעישי סקוראַטאָוו.

אָט דאַל׳ניך ניוו דאָ סטען קרעמליאָ
אי אָט קרעמליאָ דאָ דאַל׳ניך פּאָשען —
„דאָ בודיעט סוועט״ — וואָפּיט זיעמליאָ
נאַד פּיאַטיזוועדיעם דרעווניך באָשען!

1951

געוועזן אַ מענטש, נאָר טויב איז ער געוואָרן
צו דער צאַפּלענדיקער נשמה פונעם פאָלק,
געזען דעם פאַלקסקרעכץ ווי אַפּנאַרעריי,
און זיין בליק — אַ פאַרשווערונג.

אַ בליק אַן אומשולדיקער, פון ווערטער אַ געפלעכט,
בשמים־רייד ווייכע פאַרן פירער —
די ריכטער האָבן דאָס געזען
ווי שטערנדיקע צעשטערנדיקע יסודות.

האָבן זיך געמערט און געמערט פאַרמשפטע, אויסגעהרגעטע
פון די וואָס האָבן פון אַן אַנדערע דאָליע געחלומט,
אַן אַנדערער פון דער ווו די שענסטע און בעסטע
זענען אונטער שטעכלדראָט געוואָרפן געוואָרן.

אַ כאָר פון זינגערס וואָס האָבן פאַרלוירן דעם כבוד
און דאָס געוויסן — טיף אין זיך באַהאַלטן,
זינגען זיי אַלע געזאַנגען פון לויב
צום אַלמעכטיקן סקוראַטאָוו.

פון ווייטע לאַנען ביז די מויערן פון קרעמל
און פונעם קרעמל ביז די ווייטסטע פּאַשע־פעלדער
שרייט די ערד: זאָל זיין ליכט!
איבער די פינעף־שטערנדיקע טורעמס.

***

ניט וווּנדערט זיך, ווען כ׳זאָג: צום גרויס באַדויערן,
די ווענט צו מיר אין שטוב זיי האָבן אויערן,
און אפשר אויגן אויך וואָס קאָנען בויערן
ניט נאָר אַ צווישן־וואַנט — אויך פעסטונג־טויערן —
צו הערן און צו זען צו שפּירן, לויערן:
ווי לאַנג אַ טרייסט אַ מענטשלעכע קאָן דויערן
אין שוץ פון הויכע, נײַע תּפיסה־מויערן...

אָ, גאָט מײַנער, צי קומט דיר ניט אַמאָל אין רעיון —
זאָלסט מיר פון זיי, צי זיי — פון מיר באַפרײַען.

1953

*****

פון מזרח־זאַנע אין דער שטאָט בערלין
אין מערב־טייל אַ כּלב איז אַנטלאָפן:
דאָס ווײַדל אינדערהייך, די קײַלע — אָפן,
נאָר אָנגעקומען ווי ער איז אַהין, —

די שפּיר־הינט האָבן תּיכּף אים באַקלעפּט,
באַשמעקט, אויף הינטיש אים פֿאַרשטיין געגעבן —
זיי ווילן וויסן ווי גייט דאָרט דאָס לעבן,
ווי אים פֿערזענלעך האָט זיך דאָרט געלעבט?

און ס׳האָט געענטפֿערט זיי דער גאַסט — דער הונט:
אויף אַלעמען אויף אײַך געזאָגט געוואָרן!
פֿאַר פֿלייש און ביין כ׳האָב דאָרט די זאָרג פֿאַרלאָרן,
איר זעט, ווי איך בין פֿעט און בין געזונט.

— פֿאַרוואָס־זשע איז געווען דיר אַזאַ נויט
אַהערצו לויפֿן פֿון אַזאַ גן־עדן?
מיט כּלבים אונדז דו קאָנסט דאָך אָפֿן ריידן,
ניט הויך — איז וואָלסטו אונדז בסוד פֿאַרטרויט.

דער גאַסט האָט זיי געענטפֿערט דווקא הויך.
מיט גאָר מײַן מזרח־הינטישקייט כ׳באַשטעטיק:
ס׳איז דאָרטן גוט און וויל און פֿויל און זעטיק,
נאָר: ס׳ווילט זיך דאָך אַמאָל אַ ביל טאָן אויך...

## דעם, מיט לאָרבער־קרענץ געקרוינטן

און זאָל מען דערקענען, און זאָל מען צום שאַנד־סלופּ מיך שטעלן
צוזאַמען מיט אים — זאָל ערביידן אונדז קילן דעם נאַקן,
נאָר שרעקלאָז און דרייסט אין די אויגן אייך קוקן מיר וועלן
באַנאַנד מיטן עלנטן דיכטער — באָריס פּאַסטערנאַקן.

צוזאַמען מיט אים — דער געשטראָפטער זאָל איינזאַם ניט בלייבן,
ווען ווערטער, ווי בייטשן אים וועלן אין ווינקל פאַרטרייבן,
די בייטשן אין פרעמדקייט געווייקטע — אַז שאַרפער זאָל ווייטאָן —
פאַר ווייטיק ער זאָל שוין ניט טרעפן צום ווינקל צום צווייטן.

דער עלנטער דיכטער ניט בלייבן איינגאַנצן זאָל אויסן,
ווען ער וועט פון קרייז פון געוווינטן היינט ווערן פאַרשטויסן,
ווען אייניקלעך גראַזניס מיט שטיינער פאַרוואַרפן אים וועלן —
זאָל איך אים מיט עפּעס דערמאָנען אין זיידן דאָן־אַבאַרבאַנעלן.

דער יחוס־בריוו, ווייס איך, איז נאָך ניט פאַרמעקט, ניט פאַרטיליקט,
אַהינטער זיין יינגסטן געדיכט ליגט דער פּאַרמעט באַהאַלטן
און צווישן געשטאַלטן געדאַכטע דערזעט ער דעם אַלטן,
וואָס האָט ביי זיין אייניקלס שאַנד־סלופּ דאָ בייזיין באַוויליקט.

דער דיכטער — אינמיט פונעם קרייז, ווי אַ חיה פאַריאָגטע,
ער קוקט זיך אַרום, און פון ערגעץ — קיין הילף און קיין תּקומה...
וואָס קאָן ער אייך זאָגן, חוץ ווערטער, וואָס פּלוצים אים קומען,
אַ שורה, נאָך ניט קיין דערזונגענע, צי ניט דערזאָגטע.

און וואַרפן אַ שטיין אייך — ווו זאָל ער דעם שטיין פאַר אייך נעמען?
אַהינטער די טריט זיינע פּייערט די ערד דאָך איר ברען־צייט,
און ס'שווינדלען אין מוח אים טויזנטער פרייַנטלעכע נעמען,
וואָס האָבן אין טאָג פון זיין עלנט פון אים אָפּגעווענדט זיך.

און יענע, וואָס האָבן דעם זינגער געזאָלבט פאַר אַ קרבן,
אַהינטער די גרענעצן אַלע הײַנט קוקן און קוועלן:
דאָס בייז איז געשען, און ווײַזט אויס, אַז זיי שטאַרק איז געפעלן
דאָס בלוט, וואָס עס רינט אונטער בלעטער פון זייערע לאָרבן.

28 אָקטאָבער 1958

## פון ברייטן שליאַך כ׳בין אומגערן אַראָפּ

פון ברייטן שליאַך כ׳בין אומגערן אַראָפּ
און אויף אַ טרויער־שטעג פאַרפירט געוואָרן
אַ בחורל מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ
דערזען האָט מיך און האָט זיך שטאַרק פאַרלאָרן.

אין קרומען שאָטן פון אַ דענקמאָל־שטיין
פאַרבאָרגן זיך און וואָלט מיך אויסגעמיטן,
נאָר איך האָב זיך צו אים געלאָזן גיין
ווי פון אַן אומגליק אים אויף אויסצוהיטן.

וואָס טוסטו, יונג דאָ, אויפן הייליק אָרט ?
וואָס זוכסטו צווישן קברים און מצבות ?
— איך זוך אַן אות א יִדישן, אַ וואָרט,
אויב ניט קיין גאַנצס, איז כאָטש אַ ראשי־תיבות.

ווײַל דאָרט, אויף יענער זײַט, אַהינטער צוים
בײַם ליכט פון טאָג, צי בײַ דער שײַן פון שטערן,
אַ יִדיש וואָרט איז אָנצוקוקן קוים
און צווישן לעבעדיקע — קוים צו הערן.

און דאָ איך זע אַ „פּ״, דערבײַ אַ „נון״.
פון אויבן ביידע זיי באַהעפט אַ שטריכל,
איך זע אַ גרויסער „מ״, וואָס כ׳דרינג דערפון,
אַז דאָ באַרויִקט ליגט מײַן זיידע מיכל.

זײַן נאָמען כ׳טראָג, און כאָטש איך שרײַב מאַטוויי —
מיט גוטן ווילן און בײַם קלאָרן זינען, —
איך פּרוּוו זיך צווישן אָט די נעמען צוויי
אַ בינדונגס־שטריכעלע געפינען.

ווײַל הינטער אָט דער צוים, פון יענער זײַט,
אַ פרעמדקייט וואַרט — דעם בינד־שטריך צו פאַרמעקן,
אויף צו פאַרשלינגען אים — שטייט וואַך די צײַט,
אַ מענטש פאָלגט נאָך — מיט אים מיך אָפּצושרעקן.

דעריבער איך — אַ דריטער, פערטער דור —
אויף טאָוול פון מײַן האַרץ איך קריץ, איך מאָל אים,
דעם אות, וואָס דאָ איך זע אים אויף דער וואָר,
און דאָרט זאָל קומען כאָטש אַמאָל צו חלום.

1959



שמואל האַלקינס מצבה אין נאָוואָדעוויטשע מאָסקווע

## אויף וויסטע וועלדער

וואָס בילן זיי, די הינט? — אויף זייער קאָפּ!
דאָס לעצטע ביסל שלאָף זיי רויבן אָפּ.

וואָס טראָגן זיי? וואָס ברענגען זיי דער וועלט?
אַ נײַער אומגליק האָט דער וועלט פֿאַרפֿעלט?

ווײַזט אויס אַ נײַער — זיי דערקענען ניט
זײַן ריח, ניט זײַן וווּקס, ניט זײַנע טריט.

דעם אַלטן וואָלטן זיי דאָך גלײַך דערקענט.
פֿון אים זיי וואָלטן זיך גאָר אָפּגעווענדט.

אויף זייער קאָפּ — וואָס וואָיען זיי, די הינט?
דאָס לעצטע ביסל רו פֿון אויג פֿאַרשווינדט,

ווען ליכטיק איז אין שויב, מיר וואָלט געדאַכט:
אויף דער לבֿנה בילן זיי... די נאַכט

אין שויב איז אָבער שוואַרץ, — אַן אויג שטעך אויס, —
דער אומגליק קאָן אַרײַן און ניט אַרויס...

און פּלוצעם ווערט פֿאַרשטומט דאָס בילערײַ.
ווײַזט אויס, דער אומגליק איז אַדורך פֿאַרבײַ,

איז טראָג זיך ווײַטער אָפּ און ניט פֿאַרלויף
ניט אויף קיין אויגנבליק אין שכנס הויף —

ניט לינקס, ניט רעכטס, און אויף דער צענטער גאַס,
אויף שמאָלסטער גאַס ניט זײַן זאָלסטו קיין גאַסט.

פון הויך און נידער אָפּגעשיידט זאָלסט זײַן,
אויף צווישן זיי דו כאַפּ זיך ניט אַרײַן.

אויף גאָר דער לענג פון לאַנד — ביז ווײַטסטן ראַנד —
פון אונדזער נאַכט און טאָג ווענד אָפּ דײַן האַנט.

פון נאָענט אָפּטרעטן כ׳וועל דיך פאַרפליכטן,
און צו דער פרעמד — ניט ווענדן דיך, ניט ריכטן.

אין וויסטע וועלדער סײַדן... ערן־וואָרט,
אויף גאָר דער ערד איך זע פאַר דיר קיין אָרט.

איז וואָס זשע טו איך אויף די הינט זיך צאָרענען?
זיי ברענגען דען דאָס בייז? — דאָך נאָר זיי וואָרענען.

1951

## איך בין זײַן פּרוי

איך דאַרף קיין טרייסטער ניט, איך מאָן קיין מיטלייד,
מיט גאָר מײַן ביטערקייט כ׳וועל אײַך פאַראַכטן,
אויב נאָר ס׳וועט עמעצער פון אײַך אַ טראַכט טאָן
מײַן צער צו לינדערן געפינען מיטלען.

איך בין זײַן פרוי... איז דאָס אַליין דען ווייניק,
קיין פרעמדע טרייסט-ווערטער איך זאָל ניט דאַרפן?
ווּהין דער אומגליק זאָל אים ניט פאַרוואַרפן,
וועל איך דאָך זײַן מיט אים באַהעפט און אייניק.

איך בין זײַן פרוי — באַטראַכט נאָר אָט די ווערטער!
איר ווייסט דען, וואָס די ווערטער, זיי באַטײַטן;
מײַן טרויער-פרײַנד — מײַן יום-טוב דער פאַרשטערטער,
כ׳וועל דיך אויף קיינע שמחות ניט פאַרבײַטן.

זײַן פרוי בין איך — זאָל מיר אַלס אָנשפּאַר דינען
מײַן פרייד אָט די, וואָס אויך מײַן שווערער בראָך איז,
און אים זאָל אָנקומען די אַלע ברכות,
וואָס מענטשן גינען אים, אויך איך דערינען.

איך בין זײַן פרוי, זײַן פרײַנד זײַן לײַבלער-נאָנטער;
כ׳צעבייס אַמאָל דאָס לײַב, איך זאָל ניט וויינען,
נאָר קיינער זאָל פון אײַך ניט וואָגן מיינען,
אַז איינער ער דורך מיר ווערט אַ דערמאָנטער.

איך קאָן דען אָפּשיידן פון פרײַנד מײַן ליבן,
אים אויסטיילן ווי קאָן איך זיך דערוועגן
פון גאָר דער וועלט, פון יענע וויסטע וועגן,
וווּ זײַנע ברידער זײַנען איצט פאַרטריבן.

און אויב איר ווילט דעם ריינעם, שיינעם אמת, —
זיי מוחל ליבער, מיר דאָס האַרבע וואָרט, —
אויב ס'איז דאָס בעסטע, שענצטע אין דער קלעם איצט, —
דאַרפסטו זײַן דאָרט, איז איצטער דאָרט דײַן אָרט.

1956—1952

## דער קוואַל

ס'איז קיין זאַך ניט געשען און קיין זאַך ניט געטראָפן:
אַ שוואַרצינק יינגעלע — דעם הויף אַדורכגעלאָפן;
אַ טונקל בחורל די שטאָט־לענג דורכגעשניטן —
קיין גאַס, קיין געסעלע אין וועג ניט אויסגעמיטן;
אַ שלאַנקער יונג — אַליין אין ווילדן וואַלד פאַרגאַנגען —
דאָס האַרץ — נאָך פול מיט ברייט־פאַרוואָרצלטע פאַרלאַנגען...
אין ליכט־ און שאָטן־שפּיל פון הויכן וואַלד געפאַנגען,
דערזען האָט ער אַ קוואַל, זיין דעק געפּרוווט פאַרטיפן;
אַ שטאַלטנער מאַן — דעם וועג געצוימט, געגלייכט, געשליפן,
פון וועג דעם שטיין געראַמט — אַז ס'זאָל דעם קוואַל ניט שטערן,
צום גרויסן וואַסער ווען ער וועט זיך טראָגן גערן,
זיין רויש ניט רעשיקן דעם וואַלד צו לאָזן הערן;
און ווען זיין קלאָרן פלוס אַ וואָלקן וועט באַדעקן
ביז דעק מיט פינצטערניש — ער זאָל זיך אויך ניט שרעקן.
און אַז גאָטס ווינטל זאָל איבער דעם קוואַל טאָן שוועבן —
ער איז געוועזן גרייט אַוועקגעבן דאָס לעבן...
און דאָך האָט אים געדאַכט, אַז עפּעס נאָך אים פעלט:
צו אָפן פליסט דער קוואַל, צי צופיל שוין פאַרשטעלט?
און ער איז ערב דאָ פאַר דעם פאַר גאָר דער וועלט.

אַזוי איז אָט דער מאַן צו פרי געוואָרן אַ באַיאָרטער,
ווען יעדער שעה און טאָג איז שוין אַן אָפּגעשפּאָרטער...
איין פראַגע נאָר דער מענטש, ער וויל צולעצט פאַרגעבן:
דאָס יינגעלע, וואָס שטייט אָט דאָרט, ביים אָנהייב לעבן,

געהאַט האָט שוואַרצע האָר, איצט האָט עס גרויע האָר,
און דאָס איז גאָר?
דאָס יינגל וועט אַוועק, דער פּלאַץ וועט בלייַבן ליידיק —
און אַלץ וועט זייַן דערליידיקט?
נו, און דער קלאָרער קוואַל, וואָס אים ניט אויסצושעפּן?
נו, און גאָטס ווינטל, וואָס אַריבער אים טוט שוועבן?
נו, און דער וואַלד, וואָס וויל, דער קוואַל זאָל אייביק לעבן?

1953

## וואָס פֿון אַ מילשטיין בלײַבט

געווען כ'בין יונג, און אינעם גרויסן לעבנס־פּלאָנטער,
אָנשטאָט אַוועקגיין אין אַ זײַט און דאָרט זיך שטיל שטיין,
גענומען כ'האָב אויף זיך אַ שווערן קנופּ — אַ מילשטיין.
איז קאַרג — בין איך נאָך צוגעגאַנגען נע'נטער, נאָ'נטער,
געגאַרט, מײַן נאָמען ווערן דאָרט זאָל אַ דערמאָנטער,
און ס'איז דער שווערער קנופּ געווען פֿון הוילן פּלאָנטער.

געווען כ'בין יונג, און ווי אויף בונטע מזרח־מאַרקן,
ווו קראַפּט ווערט הויך געשאַצט, און דרײַסטקייט — לײַכט פּאַרדונגען,
אויך מיר מײַן כּוח אָנבאָטן איז דאַן געלונגען;
און ניט אויף אַ קול, ווי אַלע בראַווע יונגען,
איז מיט אַ ווונק, אַז כ'האָב אַ רוקנביין אַ שטאַרקן...

אַ לעבן דורך; פֿון מילשטיין איז אַ רייפּעלע פֿאַרבליבן.
און יענעם טומלדיקן מאַרק פֿון מזרח
אויף מײַלן־ווײַט אַרומצוגיין שוין איצט איך מי זיך, —
אַמאָל מיט צער, אַמאָל — מיט שמייכל אויף די ליפּן, —
פֿון שווערן קנופּ — קיין לײַכטן שלייף שוין ניט פֿאַרקניפּן.

איין שטויס — און ס'וועט דאָס לעצטע רייפּעלע פֿאַרשווינדן,
איין צי — און גרייט דער לעצטער שלייף זיך אויפצובינדן...

1953

**
*

קליפּ־קלאַפּ אין גאָלדן־טיר...
(פון אַ פאָלקסליד)

קליפּ־קלאַפּ אין גאָלדן־טיר —
קלאַפּט מײַן אייניקל צו מיר.
קיינמאָל האָבן קיינע טירן
ניט געפילט אַזאַ באַרירונג
קליינע פינגערלעך פון פיר:
קליפּ־קלאַפּ אין גאָלדן־טיר.

עפן, זיידע, עפן אויף —
כ׳וועל דיר אויף די קני אַרויף,
טאָן דײַן קאָפּ צו זיך אַ בויג,
דיר אַרײַנקוקן אין אויג;
וויפל זאָרג דאָרט — ווײ איז מיר:
קליפּ־קלאַפּ אין זילבער־טיר.

זע, גערענק זשע, ווי איך האַלט:
כ׳זע, מע פירט דיך מיט געוואַלט.
בײַ די זײַטן — וועכטער צוויי,
וועכטער צוויי — אַז ווײ צו זיי,
און דער דריטער — פאַרויס דיר:
קליפּ־קלאַפּ אין אײַזן־טיר.

פרעגט, פאַר ווען און פרעגט פאַרוואָס
היט אַ טיר דיך מיט אַ שלאָס,
ריגל־אײַזן אין דער מיט,
שטילע, שטילע וועכטער־טריט,
און נאָך שטילער רינט אַ טרער:
קליפּ־קלאַפּ מע קלאַפּט ניט מער?

ווי פֿל ניסים דאַרפֿן קומען —
אַט דאָס אײַזן בײַצוקומען,
ווערן זאָל פֿון אײַזן גאָלד...
נאָר דער גורל האָט געוואָלט,
צי דאָס מזל האָט געשפּילט —
שפּילט דאָס אייניקל מיט מיר:

קליפּ-קלאַפּ אין גאָלדן-טיר...

1953

***

אַוועלכער טאָג איז היינט? ווי הייסט דער טאָג?
און אויב פֿאַרגעסן האָסט — ניט גרויס די קלאָג.
ווי הייסט ער היינט דער טאָג — וואָס גייט דיר אָן?
דיין לעבן הייבסט דען אָן באַנייס אַ קאָן?
און אויב צו ענדיקן — אַ דאגה ווען!
דו ווילסט, רוף אָן דעם טאָג דיינעם „געוועזן״,
צי „ניט געוועזן״, רוף אָן אים נאַכט — ניט שלעכט,
אָט האָבן דאָך קיין נעמען ניט די נעכט.

מ. 1953

## אַ גרוס דורך פֿײַער

פֿון ווילדן שטיין און גלי̅ענדיקן זאַמד — מײַן אינדזל.
אויף גאָר זײַן לענג און ברייט כּאָטש זײַן איין שפּאַן פֿון גרינס זאָל,
דאָס מידע אויג אויף דעם זאָל אָפּרוען אַ ביסל...
און פֿון מײַן לעצטן אוצר־רײַך דאָס גאָלד'נע שליסל
פֿאַרשלונגען האָט דער ים, און ס'ליגט שוין אויף זײַן דעק;
דאָס לעצטע רעטונג־שיפֿל אָפּגעשיקט צום ברעג:
פֿון קוק צו קוק טרעט אָפּ פֿון מיר אַלץ ווײַטער, ווײַטער...
פֿון אַ צעקלאַפּטער שיף דאָס רעשט כ'צינד אָן אַ שײַטער,
און אויף אַ צווייטן, דריטן טרוקן האָלץ איך קלײַב...
נאָך מער, ווי אויף דערוואַרעמען בײַנאַכט דאָס לײַב,
איך וויל דורך דעם — דורך אַ פֿאַרוואָרפֿן פֿײַער, —
נאָך לאָזן וויסן אײַך, ווי נאָנט איר זײַט, ווי טײַער.

1953

## וואָס האָט מיט דיר, מײַן טײַערע, געטראָפֿן?

פֿון טיפֿער נאַכט ביז פֿרי איך קאָן ניט שלאָפֿן,
די אויגן צוגעמאַכט, געהאַלטן אָפֿן:
וואָס האָט מיט דיר, מײַן טײַערע, געטראָפֿן?

פֿון טונדרע־וויסטעניש, פֿון ווילדן צפֿון
נאָך אַ געבונדענער — צו דיר געלאָפֿן, —
וואָס האָט מיט דיר, מײַן איינציקע, געטראָפֿן?

מיט אַלץ, מײַן גאָט, — מיט איר זאָלסט מיך ניט שטראָפֿן!
מײַן האַרץ שטאַרבט אָפּ פֿאַר שרעק, נאָר כ׳פּרוּוו נאָך האָפֿן,
אַז אפֿשר, אפֿשר קומט די גוטע שעה פֿון
דערלייזונג...
אויב דעם וועג איז מיר פֿאַרלאָפֿן
דער בראָך — איך דאַרף זי ניט! פֿון אַלע סופֿן
דער סוף זאָל קומען גלײַך — כ׳גיב אָפּ דאָס וואָפֿן.

1953

## דער וועג אַרויף

די דעק פֿון ליד, אויב נאָר ס׳איז דאָ אַ דעק, —
איז גרויל — ביז פֿרייד, און פֿרייד — ביז צו דערשרעק;
דער וועג פֿון פֿיש, וואָס לעבצט צו אָנקוקן אַ ברעג,
דערנאָך זײַן ריס צוריק אין תּהום — פֿון ליד דער וויג.

און צווישן גלאַטע פֿעלדזן צווײַ דער וועג אַרויף —
אָן בריק, אָן שטריק, אָן הילף — כאָטש רוף, ניט רוף,
ביז דו צעבלוטיקסט זיך דאָס האַרץ, צעברעכסט דעם גוף, —
אָט דאָס איז אויך דער וועג פֿון ליד — זײַן שווערער פּרוּוו.

און דעמלט ערשט דערוואַכט ס׳געזאַנג פֿונעם באַרוף,
און דעמלט ערשט דער אָדלער איבער פֿעלדזן שוועבט אויף.

1955

## דער ווידוי פון סאָקראַט

באַרויִק זיך, מײַן פרײַנט, קיין ציטער כ׳וועל ניט טאָן,
ווען איך וועל אויספילן דעם פסק פונעם געריכט.
כ׳האָב זיך צו אים געגרייט, כ׳האָב זיך אויף דעם געריכט —
ניט יעדערער אַ טויט זיך אויסקלײַבן ער קאָן.

און מיר זיי האָבן פּאַרט אין דעם געטאָן צוליב, —
זאָל זײַן פון זייער שוואַכקייט, ניט פון גרויסמוט-וועגן, —
אַלצאיינס, דו זעסט, ווי רויִק כ׳גיי דעם טויט אַנטקעגן,
וויש אָפּ, מײַן פרײַנט, די מענטשן-קללה פון דיין ליפּ.

אַזויפיל יאָר געלערנט דיך טאָג-אײַן טאָג-אויס;
דער העכסטער שאַץ דער מענטשלעכער — נאָר זי, די לאָגיק,
דאָס איבעריקע איז אי נעבעכדיק, אי קלאָגיק —
פּאַרדראָס און שרעק און כּעס פון האַרצן רײַס אַרויס.

דו האָסט געהערט די לעצטע רייד מײַנע, אָט דאָרט?
האָסט גוט געהערט? האָסט ניט באַמערקט קיין ווידערשפּרוכן?
איך מיין, אַ קעגנער מײַנער, גוט ווען ער וואָלט זוכן,
אַ דורכרײַס אין געדאַנק געפינען וואָלט ער פּאָרט.

געדאַנקען כ׳האָב באַהעפט, דערנאָך זיי קעגנשטעלט,
אויף כוואַליעס אומגעיאָגט, דערנאָך געשטילט אין האַפן,
ווי ס׳וואָלט מײַן וואָרט אויף גאָר דער וועלט געהאַט צו שאַפן,
צעשטערט ביז תּהום און ווידער אויפגעבויט אַ וועלט.

ווו איך וועל זײַן אין איר, ווי דו און ווי פּלאַטאָן...
דערמאָנען ט׳איר אַ פרײַנד כאָטש איינמאָל אין אַ רו-טאָג? —
איז וואָס באַטרעפט פאַר מיר דאָס גיפטן-גראָז ציקוטאַ,
וואָס קאָן עס שאַטן מיר צי עפּעס שלעכטס מיר טאָן?

כ׳בין שוין ניט יונג, אַ ווייטער וועג מיר מאַכט שוין מיד.
וואָס בין איך דען? אַ זקן נאָר אַן אײַנגעשפּאַרטער?
כ׳ווייס, אַלטע לײַט אין וואַסער וואַרפֿן פּלעגן ספּאַרטער —
צו לאַסט די יונגע, שטאַרקע זײַן זיי זאָלן ניט.

אין מײַנע שפּעטע יאָר דו טוסט שוין אָפּט אַ קלער:
האָסט דאָך געקאָנט אינגאַנצן ניט געבאָרן ווערן;
אָט ביידן אײַך ניט זען צי אײַער וואָרט ניט הערן,
אָט דאָס זיך פֿאָרשטעלן איז אַלעמאָל מיר שווער.

געטראַכט כ׳האָב אינדערשטיל, און, ווי אַ ווידערקלאַנג,
אין די ויכּוחים אײַערע איך הער מײַן לערע —
אַן אויסגעברייטערטע, אַ פֿולקומע, ניט שווערע,
און אירע אויספֿירן — אין אײַער לעבנסגאַנג.

און דאָס פֿאַר מיר איז וויכטיקער פֿון אַלץ — פֿון וואָרט
און טאַט די שענסטע, ריינסטע, פּרוכטבאַרסטע באַהעפֿטונג, —
אין איר — די סיבה, דער יסוד פֿון אַלע לעבנס־קרעפֿטן,
און פֿאַרן טויט איז דאָרט שוין מער ניטאָ קיין אָרט.

איר זײַט אין וועג — אײַך פֿירט דער ערנסט פֿון געשפּרעך,
און דאָ בײַ מיר זיך פֿאַלבט דער ברייטער הוילער שאַרבן;
ביז איר דערגאַנצט ניט דעם געדאַנק, איך קאָן ניט שטאַרבן —
דעם שמועס אונטערברעכן אײַך כ׳האָב ניט קיין רעכט.

אַז אײַער שטאַם דעם מעבטיקן ווען כ׳שפּאַר זיך אָן,
וואָס קאָן מיך אָפּשרעקן אָט דער געפּלאַצטער שטעקן —
דער טויט? מיט אים געמיינט אַן אַלטן לייב דערשרעקן,
ווען ס׳בײַלט נאָך שטאַרק זײַן עק, געפֿערלעך נאָך זײַן צאָן.

אַז כ׳האָב געפעלשט אין דעם אַלימפּ — דאָס זאָגן זיי,
מיט שוואַרצע פליגלען טרײַבן זיי פון מיר די יוגנט:
ניטאָ קיין גוטס מער אויף דער ערד, אויב דאָס הייסט טוגנט,
ניטאָ קיין גלויבן מער, אויב אומגלויבן איך זיי.

אויב יונגע גרינע פלאַנצונגען כ׳האָב אויסגעהאַקט, —
נעמט האַקט מיר אָפּ די אַלטע, קנאַכנדיקע פינגער!
דאָך ניט נאָר איצט, כ׳בין שטאַרק געווען אַמאָל און ייִנגער, —
באַצווינגען זייער ווּקס כ׳האָב קיינמאָל ניט געוואַגט.

זאָג דו, דו ביסט דאָך אויך אַמאָל געווען גרין
און יונג, דײַן האַרץ, ווי וואַקס, געלאָזן האָט זיך קנעטן:
האָב איך דײַן ווען ניט געווענדט צו יענער געטין,
וואָס חכמה הייסט — פון געטלעכקייט דער ריינסטער זין?

אין האַרץ, אין מוח דיר כ׳האָב סם אַרײַנגעטריפט?
צי דיר דערקלערט, מיט טויזנט בײַשפּילן דערוויזן,
אַז ריינער פון דײַן אויג דאַרף ריין זײַן דײַן געוויסן, —
קאָן זײַן, פאַר זיי איז דאָס געפערלעכער פון גיפט.

אַזאַ מין זאַך אַ פּשוטע זאָל ניט דערגיין:
ניט ניד׳ריק איז דאָס גראָז דערמיט, וואָס דאָס איז קליין,
ניט הויך איז דער אַלימפּ — ניט העכער פונעם האַרץ איז ער
און אַז פאַר זיי איז ער אַ פּוסבענקל, ניט מער.

פאַרוואָס זשע האָבן זיי, ווי ריכטער, מיך באַשטראָפט
אויף ניט געקאָנט דערווײַזן מיר, מיך איבערצײַגן?
זיי פלעגן דאָך מײַן שוועל באַטרעטן, ניט פאַרבײַגיין,
צו טרינקען פון מײַן קוואַל זיי פלעגן קומען אָפט.

ניין, ניט דעם דאַרשט צו שטילן האָבן זיי געזוכט,
נאָר מיט די פיס אַרײַן — אויף אים צו מאַכן ברודיק;
פון גאָלד־געשפּינטע רייד געוועבט איז זייער צודעק, —
כ׳האָב ניט דערזען דעם תּוך, און אָט זײַנען די פרוכט.

כ׳האָב אויף דער קרוין געקוקט — פאַרזען די נידער־צווײַגן,
וואָס נאָר פאַר נאַסן מאָך און וואָרעם — זייער שאָטן;
פון מײַנע וואָרצלען זויגן כ׳האָב זיי ניט פאַרבאָטן,
ניט אָפּגעשיידט פון זיך — דערפאַר איך מוז איצט שווײַגן.

נאָר צ׳ריקגערעדט: איז שולדיק דען דער בוים דערין,
וואָס אויף זײַן צווײַג זיך נעסטן זינגפויגלען און ראָבן?
וואָס זאָל ער זיי אין זײַן באַבלעטערטקייט באַגראָבן?
צי פרילינג־צײַט זײַן צווײַג פאַר זיי ניט ווערן גרין?...

צום שוועל פון טויט דערנעענט האָבן זיי מײַן פוס,
נאָר ס׳איז דאָס לעבן דען אַן אָפּגעניצטער סילאָגיזם,
וואָס וואַרפסט אים אָפּ?... איך האָב דאָך פּאַרט אָט דאָ באַוויזן
אַ סך דערגיין: וואָס ניט צו טאָן, וואָס טאָן איך מוז.

ווײַל חוץ די טוונגען, וואָס בלײַבט אונדז איבער נאָך?
אונדז, שטערבלעכע, וואָס שטענדיק שטייען אויף דער מיט —
צעווישן דעם, וואָס שוין דו ווייסט, און דעם, וואָס ווייסט נאָך ניט,
פון ערשטן — ניט באַפרײַט, בײַם צווייטן ביסט אין יאָך.

און נאָך און נאָך: אַז צווישן „כ׳האָב" און צווישן „כ׳וועל",
איז, חוץ דער מורא פאַר אַן אויסגעדאַכטער שוועל,
מער קיין זאַך ניט פאַראַן... נאָר איך האָב איבערטראָטן
די שרעק, וואָס האָט מיר נאָכגעשלעפּט זיך ווי אַ שאָטן.

אין דעם כ׳וועל זיך אַרײַנטראַכטן, ווען איך ניט פילן
דאָס ביטערניש, זיך אײַנרעדן, אַז כ׳שטיל מײַן דאָרשט;
אַ לעבנלאַנג כ׳האָב גראָזן אַלערליי געפּאָרשט, —
זאָל דאָס מײַן לעצטע פאָרשונג זײַן, מײַן לעצטער ווילן...

און איר באַדויערט מיך, און אַלע אײַך פאַרדריסט:
פאַרוואָס סאָקראַט פֿאַרמשפּט איז אומזיסט,
צו זײַנע ריכטער איר באַציט זיך אומגעדולדיק...
נאָר זאָג, דיר וואָלט דען בעסער, גרינגער זײַן,
ווען ער איז שולדיק?

1955

## ניט יאָג די נאַכט מיט פלעקענער

ס'איז נאַכט אין שטוב, אין דרויסן,
ס'איז נאַכט אויף גאָר דער וועלט, —
האָט ער אַ פויסט אַ גרויסן
דער נאַכט אַרויסגעשטעלט.

געשראָקן זי, געוואָרנט,
מיט פלעקענער געיאָגט, —
ס'איז ליכטיק ניט געוואָרן,
ס'האָט אַלץ נאָך ניט געטאָגט.

מיט האַנטעכער געטריבן
דורך פענצטער און דורך טיר, —
דער חושך איז פאַרבליבן
אַרום אַזוי ווי פריִ'ר.

ער האָט געבראָכן שויבן,
דעם קוימען אויפגעמאַכט;
ס'איז אונטן נאַכט און אויבן,
און טיף אין אים איז נאַכט.

ער איז אַראָפּ פון זינען
פאַר כּעס און פאַרדראָס:
פאַרוואָס וויל ניט באַגינען
און פינצטער איז פאַרוואָס?

אַ רוח צי אַ קונדס
אין נאַכט האָט זיך צעלאַכט:
אַ מענטש ווי דו, ווי קומט עס,
דו האָסט זיך ניט דערטראַכט:

דער חושך זאָל אַנטרינען —
אַ ליכטל טראָג אַרײַן.
און אויב ס׳וועט ניט באַגינען,
וועט כאָטש ניט פֿינצטער זײַן.

1955

## און אפשר...

און אפשר הייבט זיך איצטער אָן אַ נײַער קאָן,
אַ לעבנס־קרײַז אַ נײַער הייבט פֿאַר אונדז זיך אָן,
וואָס איז פֿון יענעם אפּגעשיידט אָן הויכע ווענט,
נאָר מיט אַ שוועל, אין גאָר אַ נײַער זײַט געווענדט,
און מיט אַ שויב, וואָס קוקט אין גאָר אַן אַנדער וועלט,
אַ וועלט, וואָס איז ביז הײַנט פֿון אונדז געווען פֿאַרשטעלט,
פֿאַרדעקט, וועןביידע זײַנען מיר געווען ייִנגער,
מיט דײַנע בלאָנדע האָר און דורכזיכטיקע פֿינגער?

1955

***

דו מיינסט, איך וועל שרײַען אַריבערן וואַלד: וווּ ביסטו?
מײַן קול אין גאַנצפּרײַקן וואַלד וואַלט געשאַלט, ווי אין וויסטע.
כ׳שטרענג אָן אַלע כּוחות צו זאָגן דיר שטיל פֿונדערווײַטן,
אַז שרײַ צי ניט שרײַ, וועט ־אָך סײַווי זיך גאָרנישט ניט בײַטן.

אויף איין עק וועלט איך, און דו — ערגעץ דאָ, בײַ דעם צווייטן,
און צווישן — די ערד מיט איר לענג, מיט איר ברייט טוט זיך שפּרייטן.
נאָר וווּ זאָלסט ניט שטיין — בײַ דײַן ברעג פֿון דער וועלט צי דערנעבן —
מײַן רופֿן צו דיר, שוין אָן מיר און אָן דיר, וועט נאָך לעבן.

1955

## דער גאָלדענער מאַראַנץ

פאַר די געציילטע טעג, וואָס מיר זענען באַנאַנד,
דיך האָט די זון אַזוי פאַרברוינט, אַזוי פאַרברענט,
אַז אויך דער גאָלדענער מאַראַנץ אין דײַנע הענט,
ער ברענט שוין ניט אַזוי...
מײַן ליבע פרוי,
פאַרוואָס זשע לעשט זיך ניט און ס׳טונקלט ניט דער גלאַנץ
פון יענעם בלײַענדיקן, זוניקן מאַראַנץ,
וואָס מיר איבערגעגעבן האָסט פון האַנט אין האַנט
אַמאָל... ווי גוט, וואָס איך האָב אויסהיטן געקענט
זײַן לופטיקייט, זײַן דופטיקייט, זײַן בלענד.

1955

**
*

אַפילו יוגנטמוט, אַפילו בלוט
פאַרגאָסן אויף מדבר־זאַמד אין שלאַכט,
זיי האָבן אויף קיין שפּאַן, אויף איין מינוט,
דאָס מזרח־לאַנד מיר נענטער ניט געמאַכט.

נאָר זעט אַ נס: אַ קורץ־געפּאַסטע ליד,
וואָס זינגט פון זון און זאַמד און קעמלטריט,
פון אַקערערד וואָס איז פון היץ פאַרשוואַרצט,
האָט צוגערוקט דאָס לאַנד מיר ביז צום האַרץ.

און ס׳ווייט אין פּנים מיר דער הייסער ווינט
און ס׳האַרץ מיט אים אַ נאָענטקייט געפינט,
אַ קרובישאַפט וואָס דויערט דורות־לאַנג,
מיט ווירבלווינט און פוילן קעמלגאַנג.

און כאָטש ביסט שוין פון דאָרט אַ ווײַטסטער דור
אַ מערב־קינד, אַ דאַיקער, אַ היגער —
כ׳פיל ווידער הײַנט זיך ווי אַ מדבר־קריגער
מיט שווערד וואָס האָקט פונאַנד אַ דינסטע האָר.

און מײַנע איז די היץ נאָך רעגנטעג,
דער מאַנדל און דער מילגרוים — מײַן פאַרמעג,
און ס׳קילט מײַן קעל פון זויערפּרוכט דעם טעם
און ס׳בלענדט דער בלוי וואָס איבער טויטן ים.

זאָל זײַן געבענטשט פון וואָרט דער גרויסער וווּנדער
וואָס אָרט און צײַט מאַכט נאָנט און אָפּגעזונדערט...

1959

## ס׳האָט די קלעם מיך ניט צעבראָכן

איך וועל נאָך אַמאָל דערלעבן
יענע גוטע שעה,
ווען כ׳וועל דיר אַן ענטפער געבן:
לאַנד מײַנס, איך בין דאָ!

כ׳בין נאָך אויף דער ערד פאַרבליבן,
ס׳אָטעמט נאָך מיין דער —
אויף צו לעבן אויף צו ליבן,
אויף צו לויבן דיך.

ס׳האָט די קלעם מיך ניט צעבראָכן,
ניט געמאַכט מיך קליין,
כ׳בין אַרויס מיט אַ נצחון
איבער זיך אַליין.

כ׳האָב דאָ דײַנע פײַנד געטראָפן,
שׂונאים ניט פון הײַנט;
קאָפּ צו קאָפּ איך בין געשלאָפן
מיט די ערגסטע פײַנד.

און גאַנצפרי — אויפסנײַ באַגעגנט
זיי אויף יעדן קער:
ווען דו האָסט קיין אַנדער וועג ניט —
מוז דײַן וועג זײַן דער.

— ניין, צו זיי כ׳האָב ניט געטענהט —
צופיל זיך געשעצט;
זייער שאָטן אויף מײַן שײַן האָט
זיך ניט אָפּגעזעצט...

כ׳האָב דאָ דײַנע פרײַנד געאָרעמט,
ס׳האָרץ זיי אויסגערעדט:
איינע האָבן מיך דערוואָרעמט,
אַנדערע געפּלעט.

עלטסטע פרײַנד — די קעפּ געבויגן
און ביז בלוט — געקלעמט;
איין די צווייטע אין די אויגן
קוקן זיך געשעמט...

זייער ווי פּלעגט מיך באַצווינגען.
מיט פאַרפרעסטע ציין,
אַנשטאָט וויינען פּלעג איך זינגען,
זינגען ביז געוויין.

זי — מײַן לעבן האָט געלײַטערט,
זי — מײַן ריינסטע ליד,
אַלדאָס שלעכטס פון מיר דערווײַטערט
און מיך אויסגעהיט

פון פאַרצווייפלונג, פון שגעון,
מיר געשטאַרקט די הענט,
אין די פינצטערסטע פון שעהען —
צו דײַן ליכט געווענדט.

איך זאָל נאָך אַמאָל דערלעבן
יענע גוטע שעה,
ווען כ׳וועל דיר אַן ענטפער געבן:
לאַנד מײַנס, איך בין דאָ.

## אַזוי אין פֿאָלק לזכר איז פֿאַרשריבן

אַזוי אין פֿאָלק לזכר איז פֿאַרשריבן:

ווען ס'איז פֿון בית־המקדש אַש געבליבן,
נאָר ערגעץ ווו האָט נאָך אַ פֿונק געברענט,
דער כּהן מיט די שליסלען אין די הענט,
אַנשטאָט מיט שטרענגן גאָט וויכּוחים פֿירן,
די שליסלען פֿון די קדשי־קדשים־טירן
צום הימלהייך געטאָן האָט ער אַ שלײַדער:
„איצט בוי מקדשים זיך, צי דעם באַנײַ דיר,
קאָנסט גרעסערע און שענערע זיך בויען,
נאָר איך פֿאַר דיר בין מער שוין ניט קיין כּהן".
און ס'איז אַ פֿײַערדיקע האַנט אַראָפּ,
וואָס שוין האָט אָנגערירט דעם כּהנס קאָפּ,
אין לופֿטן אויפֿגעבראַכט דאָס שליסל־בינטל.
אַדורכגעשוועבט האָט נאָר אַ היציק ווינטל,
און ניט די שליסלען, ניט די הענט — ניטאָ שוין,
אין אַש דער לעצטער פֿונק זיך אויסגעלאָשן...

און אונדז, איר זעט, איז פֿאַרט אַ ביסל בעסער.
דער חורבן איז ניט קלענער און ניט גרעסער.
נאָר דאָך מיר זײַנען גליקלעכער אַ ביסל:
אונדז דאַכט, ס'איז צווישן אונדז פֿאַרהיט דאָס שליסל,
אַזאַ, וואָס קיין שום פֿײַערדיקע האַנט
אים אָפּנעמען בײַ אונדז איז ניט אין שטאַנד,
די הייליקייט מיט פֿײַער ניט פֿאַרברענען —
ווער ס'איז ניט ווער — צו איר וועט ניט געגענען,
ווײַל ביז דער שליסל איז אין דײַנע הענט,
פֿאַרברענט ווערן דאָך קאָנען נאָר די ווענט
און ניט די שכינה, וואָס האָט דאָרט גערוט...

איז, דאַכט זיך, אַלצדינג רעכט און קלאָר און גוט,
נאָר אים, דעם כּהן, האָט געסטײַעט מוט
צו זאָגן: „קיינער מער מײַן קרבן דאַרף,
די שליסלען, גאָט, דיר הײַנט אין פּנים כ׳וואַרף״.
און איז אַ וואָכעדיקער ייִד געוואָרן,
אין דורות־גאַנג ער האָט זיך ניט פֿאַרלאָרן,
דער כּהן האָט זײַן תּיקון זיך געקראָגן,
ער איז געוואָרן קאַהאַן, קאָהען, קאַגאַן — —

און מיר? זאָל זײַן אַ מאָל ווערט זײַן אַ כּבוד
זיך רופֿן שלמה, פּרץ, לייב צי דוד,
און דוד דווקא ניט בן־ישי — ניין,
— אָן אַלטן ייִחוס כ׳קאָן זיך שוין באַגיין —
כ׳מיין דעם וואָס קומען פֿלעגט אַ מאָל צו גיין
און זאָגן: שמואל־ברודער, נאַ, קאַרשט, לייען,
ווײַל אויפֿן האַרצן איז מיר לאַ־עליכמדיק.
געקומען טריב, אַוועקגיין פֿלעגט ער שמייכלענדיק.
און שלמה — ניט דער מלך — הײַנט מיר וועלן
פֿאַרבויגן אים — ווײַל דעם אין קאָן מיר שטעלן,
וואָס פֿאַר אַ קיניג פֿלעגט ער זיך פֿאַרשטעלן...
און פּרץ — דער וואָס ניט פֿון חומש שטאַמט,
נאָר פֿון וואָלין, און וועמענס טויט פֿאַרסמט
דאָס לעבן מיר... און לייב פֿון אַרום אומאַן,
וואָס האָט בײַ מיר די רו אַוועקגענומען
פֿון זינט ער איז אַוועק אויף מער ניט קומען.
און נעמען נאָך אַ סך, וואָס שטיל כ׳פֿאַרשרײַב,

**דוד** — בערגעלסאָן; **שלמה** — מיכאָעלס; **פּרץ** — מאַרקיש; **לייב** — קוויטקאָ.

וואָס כ׳שרײַב און שרײַב און הינטערשטעליק בלײַב.
ווײַל זיי, די נעמען, ערגעץ אײַלן, יאָגן,
אויף אויסצומײַדן זיך מיט „מזל קאַגאַן״,
דעם כּהנס תּיקון איז ניט זייער תּיקון!
איז ווי זאָל איך דאָס אַלץ אין האַרץ פאַרשטיקן?
און ווי זאָל איך דאָס אַלץ, אויך ווײַטער וועבן
אין וואָכנדיק געוועב פון טויט אין לעבן?

# נאָכוואָרט

אין דעם דאָזיקן בוך וואָס מיר ברענגען איצט פאַרן לייענער פון ייִדישער פּאָעזיע, געפינען זיך ש מ ו א ל  ה אַ ל ק י ־ נ ס תּפיסה־ און לאַגער־לידער, וועלכע דער מחבר האָט אייגנהאַנטיק געזאַמלט און מסדר געווען.

צו אונדז איז דערגאַנגען אַ העפט מיט לידער זײַנע, וועמען דער מחבר באַצייכנט עס מיטן נומער איינס, וואָס שמואל האַלקינס טאָכטער, די באַקאַנטע סקולפּטאָרין מ י כ א ל ה האָט געהיטן און פאַרהיטן אין משך פון אַ סך יאָרן. דאָרטן — מחמת פּחד פאַר די ייִדיש־סאָוועטישע סטראַפּטשעס ; דאָ, אינעם לאַנד ישׂראל, — זינט זי געפינט זיך דאָ — ביז עס וועט זיך באַווײַזן אַ גואל... גריסן מיר זיך וואָס מיר האָבן דערצו זוכה געווען.



אַוודאי שטייען מיר פאַר אַ פראַגע וואָס קיינער וועט זי, לײַדער, אונדז ניט אויסקלאָרן : צי זענען די דאָזיקע לידער פּאַקטיש געשריבן געוואָרן אין די טורמעס און לאַגערן, ווי האַלקין באַצייכנט עס אונטער יעדן ליד און ליד, צי שפּעטער גאָר, נאָך דעם ווי ער איז באַפרײַט געוואָרן, האָט ער זיי אויפגעסיליעט אויף אַ זײַדנבאַנד פון זײַן זכרון? דאָס אָבער וועט שוין, ווי עס זעט אויס, בלײַבן אַן אייביקער תּיקו...

און מיר —

האָבנדיק אין זינען, און טראַכטנדיק, אַז געוויס האָט ש. האַלקין געשאַפן נאָך לידער אויף אָט דער טעמע, האָבן מיר אַרײַנגעקוקט אין זײַן בוך „דער אוצר" (1966) און טאַקע געפונען לידער וועלכע ער באַזאָרגט מיט דאַטעס און ווײַזט אָן די ערטער (תּפיסה און לאַגערן) — האָבן מיר זיי מצרף געווען צו די לידער פון זײַן

העפט איינס, און זיי געברענגט אויף די זייטן 109—137, דערביי זיך געהאַלטן ביי זייער כראָנאָלאָגישן סדר. מיר האָבן אויך צוגעגעבן שמואל האַלקינס „מיין אויטאָביאָגראַפיע".

מיר האַלטן פאַר וויכטיק צו באַמערקן, אַז הגם אַלע לידער אין אָט דער זאַמלונג זענען פון האַלקינס תפיסה־און לאַגער־תקופה, זענען אָבער צוויי פון זיי פון שפּעטערדיקע דאַטעס. איינס: — אין וועלכן עס רעדט זיך וועגן די אָנפאַלן אויף באָריס פּאַסטערנאַקן און אויף זיין „זשיוואַגאָ" (אויף זייט 102) און דאָס צווייטע — דאָס ליד וואָס איז געשריבן געוואָרן עטלעכע חדשים פאַר זיין פּטירה (דעם 22סטן סעפּט. 1960) אין וועלכן ער מאָלט אַ ייִדישן בית־עולם מיט ייִדישע אותיות אויף די מצבות... (ז' 104).

צום באַדויערן איז שמואל האַלקינען נישט באַשערט געווען צו קומען צו קבר ישׂראל, מיט אַ ייִדישער מצבה, זיין געביין איז באַהאַלטן געוואָרן אויף אַ גוייִשן צווינטער.

✶

מיטן צוגרייטן דאָס בוך צום דרוק האָבן זיך מטפּל געווען אליעזר פּאַדריאַטשיק און יעקב־צבי שאַרגעל.

**די אַרויסגעבערס**

## אין דער זאַמלונג: